# רִמּוֹן

פארלאג פאַר קונסט און ליטעראטור

בערלין — לאָנדאָן

דירעקציע

ד״ר מ. ווישניצער — אליהו פאַאינסון — אלעקסאנדער קאָגאַן

דער פארלאג גיט ארויס

## רמון־ביכער

אין פארשידענע צווייגן קונסט און ליטעראטור

## מילגרוים

א יידישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

## רמון

א העברעאישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

איינצעלנע העפטן „מילגרוים” און „רמון” ווערן פארקויפט אין אלע יידישע און אין גרויסע נישט־יידישע בוכהאנדלונגען. — אזוי ווי די פרייזן ענדערן זיך פון טאג צו טאג ווערן אין לענדער מיט נידריגער וואלוטא קיין אבאָנענטן אויף אַ באשטימטן פרייז נישט אנגענומען. ווער ס׳וויל באקומען די העפטן צוגעשיקט כסדר מוז שיקן אַ באשטימטע סומע פון וועלכער מיר וועלן אפרעכענען ביים שיקן פון יעדען העפט דעם פרייז; אָדער מוז צושיקן אַ שריפטליכע מעלדונג אז ער וויל באקומען די העפטן מיט נאכנאמע.

אדרעס פון רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע

Rimon - Verlag, Berlin W. 30, Hohenstaufenstrasse 43.

# רמון-ביכער

## אין פארשידענע צווייגן קונסט און ליטעראטור

רעדאקטאר ד״ר מ. ווישניצער

ארויס פון דרוק:

**פ. לאנדסבערגער / אימפרעסיאניזם און עקספרעסיאניזם**

מיט איין און צוואנציג בילדער פון זיי איינס אין פארבן. יידיש און העברעאיש.

עס ווערן צוגעגרייט:

**חיים נחמן ביאליק / קטינא כל בו**

העברעאיש, אַ קינדער-ליעד, אילוסטרירט.

**ד״ר משה גאַסטער / די כתובה**

מיט פארביגע אילוסטראציעס. יידיש, העברעאיש און ענגליש.

**רחל ווישניצער / יוסף אבן-חיים אַ יידישער מאלער פון 15 יארהונדערט.**

מיט פארביגע אילוסטראציעס. יידיש, העברעאיש און ענגליש.

**ט. מאָמזען / יהודה און יודן פון יוליוס-צעזאר ביז דעאָקליטיאַנוס.**

מיט אַ פאָררעדע פון פראָפ. א. י. טויבלער, און לאַנדקאַרטן. יידיש און העברעאיש.

**ד״ר יעקב קלאַצקין / הערמאן קאהען, זיין עטיק און זיין יידישקייט.**

מיט בילדער און פאקסימיליע. העברעאיש און רוסיש.

**פראפ. אלעקסאנדער קולישער / גראף ביקאנספילד.**

מיט אַסך בילדער און פאקסימיליעס. העברעאיש, ענגליש און רוסיש.

**ערנסט קויכל / וולאדימיר סאָלאָוויאָוו.**

מיט בילדער און פאקסימיליע. יידיש, העברעאיש, און רוסיש.

**אברהם צבי אידעלזאָן / נגינת עמי המזרח.**

העברעאיש, מיט נאָטן.

# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

די צייטשריפט גייט ארויס איינמאָל אין צוויי חדשים אין פאָרמאַט פון דעם העפט, אויף קונסטדרוקפאַפיר מיט אַ פאַרביגן שער־בלאַט. זי איז געווידמעט פאַר קונסט, מוזיק און טהעאַטער, דער עיקר פאַר יידישער קונסט אין עבר און איצט. יעדעס העפט האט אנ׳ערך פינף און צוואנציג בילדער, אַ טייל פון זיי פאַרביג, און אַ סך שוואַרצווייסע צייכנונגען. אין ליטעראַרישן טייל קומען דערציילונגען, שירים, קריטיק און ארטיקלען וועגן ליטעראַטור, קונסט און וויסנשאַפט פון די בעסטע שרייבר.

**עס נעמען אנטייל** א. אלמי, י. אפאטאשו, דר. מאיר באלאבאן, ה. באנד, ד״ר הוגא ביבער, ה. בער־לעווי, מאכס בראד, ד״ר מ. גאסטער, ד״ר א. גורלאנד, ד״ר נ. מ. געלבער, ד. האפשטיין, ד״ר מ. ווישניצער, רחל ווישניצער־בערנשטיין, ד״ר רפאל זעליגמאן, וואלדעמאר זשארזש, מלך חמעלניצקי, פראפ. א. י. טויבלער, ע. טעפליץ, פראפ. פ. לאנדסבערגער, וו. לאצקי־בערטאלדי, מ. לוריא, מ. ליוושיץ, א. לעווינסאן, ד״ר ג. מארצינסקי, ל. מיידנער, י. מייער־גרעפע, ד״ר מ. סאלאווייטשיק, ד״ר וו. פרענגער, סטעפאן צווייג, ש. צינבערג, ל. קוויטקא, ד. קיגען, זלמן רובאשאוו, ד״ר א. ז. שווארץ, ד״ר מיכאל שווארץ, נחום שטיף (בעל דמיון), ה. שטרוק, ד״ר י. שיפער, רחל שליט־מארקוס און אנדערע.

# רמון

## מאסף עתי עברי לאמנות ולספרות

המאסף יוצא אחת לשני חדשים בגודל החוברת הנוכחית. נדפס על־גבי נייר מן המובחר ומעוטף במעטפה מצוירת בשלל צבעים. המאסף מוקדש לאמנות, לנגינה ולתיאטרון, ביחוד לאמנות הישראלית שבעבר ובהוה. בכל חוברת באים כעשרים וחמשה ציורים, קצתם בשלל צבעים, והרבה תמונות וקישוטים. החלק הספרותי מכיל ספורים ושירים, בקורת־ספרים ומאמרים על נושאים ספרותיים, אמנותיים ומדעיים מטובי הסופרים.

**משתתפים** א. צ. אידלזון, ח. נ. ביאליק, ד״ר הוגו ביבר, ד״ר מאיר בלבן, מ. בנד, ש. בן־ציון, מכס ברוד, ה. ברלווי, ד״ר ש. ברנפלד, ד״ר מ. גאסטר, מרדכי גולדנברג, ד״ר נ. מ. גלבר, שמעון דובנוב, ד״ר ש. א. הורודצקי, צבי וויסלבסקי, ד״ר מ. ווישניצר, רחל ווישניצר־ברנשטיין, דוד ישעיה זילברבוש, ד״ר רפאל זליגמן, מ. א. ז׳ק, וולדמר זשורזש, פרופ׳ א. י. טויבלר, א. טפליץ, מ. ד. לאנגר, א. לוינסון, י. ליכטנבוים, פרופ. פ. לנדסברגר, יוליוס מאיר־גרפה, ל. מיידנר, ד״ר ג. מרצינסקי, ד״ר מ. סולובייציק, אריה סימון, ש. י. עגנון, א. פוזנאנסקי, א. פוירשטיין, יעקב פיכמאן, ד. א. פרידמאן, ד״ר ש. פרלמן, וו. פרנגר, סטיפאן צוייג, ד״ר יחזקאל קויפמאן, פרופ. א. קולישר, יעקב קופליביץ, ד״ר יעקב קלאצקין, משה קליינמאן, יצחק קצנלסון, ברוך קרופניק, זלמן רובשוב, ד״ר א. ז. שווארץ, מיכאל שוורץ, יעקב שטיינברג, ה. שמרוק, רחל שליט – מארקוס, ד״ר י. נ. שמחוני ועוד.

NUMBER 2 | MILGROIM | 1922

# MILGROIM

## A YIDDISH MAGAZINE OF ART AND LETTERS

Editor Dr. M. Vishnitzer

Art Editor Rachel Vishnitzer

---

*Contents:*



On p. 15 there is a portrait of the late Yiddish author, David Frishman. An article on the literary work of the deceased will appear in the next number of the MILGROIM. The Initial on p. 6 and the tail-pieces on p. 43 have been taken from the Bible Codex No. 1 in the Reuchlin Library at Karlsruhe. The cover and the tail-pieces on pp. 20 and 21 are by Prof. E. Boehm. All headings by Francis Baruch. Trade Mark, after a sketch of R. Vishnitzer, designed by Tobias Schwab.

העפט 2 1922

# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

אלגעמיינע רעדאקציע
ד״ר מ. ווישניצער

קונסט רעדאגירט פון
רחל ווישניצער־בערנשטיין

## אינהאלט



דער ארטיקל פון פ. לאנדסבערגער איז איבערגעזעצט פון מאנוסקריפּט דורך ז. רובאשאוו, דער ארטיקל פון דר. ג. מארצינסקי איז איבערגעזעצט דורך ר. זעליגמאן, די ארטיקלען „די אנטוויקלונג פון דער מאָ־דערנער גראפיק״, „צו די מיטלאלטערישע האנטשריפטמאלערייען״ און „ארטור שניצלער״, ווי אויך די דערציילונג „דער טויטער גאבריעל״ זיינען איבערגעזעצט דורך נ. שטיף (בעל־דמיון). דער ארטיקל „מאקס ליבערמאן״ און די נאטיץ וועגען דעם אל אויף זייט 5 זיינען איבערגעזעצט דורך מ. לוריא.

דער שער בלאט איז פון פּראפ. ע. בעהם * די נעמען פון די ארטיקלען זיינען גע־שריבן פון פראנציסקא בארוך. * די אותיות „די״ אין אנהויב דער דערציילונג די קללה זיינען פונ׳ם תנ״ך־קאָדעקס רייכלין I אין דער רייכלין ביבליאָטעק אין קארלסרוהע * דער פארלאגסצייכן איז געצייכנט, לויט דעם עסקיז פון רחל ווישניצער־בערנשטיין, דורך טוביה שוואב.


געדרוקט אויף קונסטדרוקפאפיר פון דער פירמא שויפעלן אין אויבערלעניגען (ווירטעמבערג) אין דער קונסטדרוקעריי פון
Dr. Selle & Co. A.-G., Berlin SW 29, Zossener Str. 55




פון דעם מחזור אין רשי׳ס בית־מדרש אין וואָרמס (1272).

Illuminated Page. From a Prayerbook for Festivals of 1272. Rashi Synagogue. Worms

By permission of Ch. Herbst, Photographer, Worms.



חתן־כלה. פון א מחזור (14 יאהרהונדערט). אוניווערזיטעטס־ביבליאטעק לייפציג

The Bridal Pair. From a Prayerbook for Festivals of the 14th century.
Leipzig. University Library.

# מיטלאלטער און איצט

זינט די רענעסאנס האט געפּסק׳נט, אז די קונסט דארף נאכמאכן די נאטור, איז די נאטורפרעמדע מיטלאלטערליכע צייט געווארן לגמרי פסול. אנ׳אויסנאם האט מען געמאכט נאר פאר דער מיטעלאלטערליכער בוי־קונסט, ווייל פון בוי־קונסט פארלאנגט מען דאך ניט קיין נאכמאכונג פון דער נאטור. קודם כל איז דער אום־חן געפאלן אויף פלאסטיק און מאלעריי. מיט איינמאל איז פארשוואונדן דער רייץ פון די געשטאלטן, וואס זיינען געשטאנען אויסגעצויגענערהייט ביי די טויערן אדער זיינען געווען ווי צוגעקלעפּט צום פלאכן־גאלדענעם פאָן, און פונקט אזוי אויך איז פלוצלים נמאס געווארן די סכעמאטישע סצענעריע פון פעלזן־ אדער ארכיטעקטור־קוליסן וואס זיינען געצייכנט לויט א פאלשער פערספּעקטיוו און וועלכע רינגלען ארום אט די געשטאלטן.

אין אנהויב פונים 19 טן יארהונדערט, אז די ראמאנטיק האט זיך פארבענקט נאך דער פארגאנגענהייט, האט מען ווידעראמאל אנגעהויבן האבן הנאה פון די נאאיווע אויסדריקן פון דער פרימיטיווער קונסט. אבער ווייטער פון דער גאטיק איז מען ניט געגאנגען. און די הנאה גופא, וואס מ׳האט געהאט, איז געווען א מין ווייכער געפיל־טאן, ווען דאס פריהעריגע שטרענגע מיטלאלטער איז נאך גאר פרעמד געווען. און אויך אָטדער אומזיכערער פרוב צו דערנעהנטערן זיך צום מיטלאלטער איז באלד פארפלייצט געווארן פון דער גרויסער נאטוראליסטישער כוואליע, וועלכע האט זיך א גאָס געטאן איבער דעם 19 טן יארהונדערט. אינ׳ם אימפּרעסיאָניזם האט די דאזיגע כוואליע דערגרייכט איר העכסטן פונקט. מען האט זיך געפילט שטאלץ אַפן שפּיץ פון א אַנטוויקלונג, וועלכע יארהונדערטן האבן געבויט. די בוי־קונסט, וועלכע האט דאך מיט דעם אימפּרעסיאָניזם קיין שום שייכות ניט, איז גאר אינגאנצען ארויס פון קאָן. אז מען פלעגט רעדן וועגן קונסט, פלעגט מען אייגנטלעך מיינען נור מאלעריי. און דערביי האט מען פעסט געגלויבט, אז אט די קונסט האט פון תמיד אָן געהאט דאס איינציגע ציל: נאָכצומאכן די נאטור. דאס מיטלאלטער האט דאס בשום אופן ניט געקענט דערוויזן. ערשט צום סוף פונ׳ם מיטלאלטער אוז עס ביסלעכוויז העלער געווארן, און דענסטמאל הויבט זיך אָן יענער עקשנות׳דיגער קאמף ארויסצורייסן בא דער נאטור איין סוד נאכן אנדערן, ביז ס׳איז סוף כל סוף געקומען דער אימפּרעסיאָניזם, וואס לערנט ווי אזוי ארויסצוהערן דאס איידעלסטע פלאטערן פון דער נאטור, דעם גלאנץ פון דער פרייער לופט און די דורכלויפנדיגע באוועגונג.

אזוי ווי עס וואלט בכלל געווען א פארטשריט אין דער קונסט! איז דען קונסט טעכניק, אדער מעדיצין, וואו איין פאָרשער שטייט אויף די פּלייצעס פונ׳ם פריהעריגן, און איז שטענדיג דעריבער העכער פאר׳ן פריערדיגן? קען דען ניט די קונסט אין יעדן פונקט פון איר וועג זיין באם ציל? הייסט דען ניט פאר דער קונסט דערגרייכן דעם ציל ווען א נשמה־אינהאלט נעמט אָן א קערפּערליכן געשטאלט? פארשטייט זיך אז דער צוקוקער מוז ערשט קענען פון דער דאָזיגער געשטאלט ארויסלייענען יענעם ערשטן נשמה־אינהאלט. מען מוז, קודם כל, די דאזיגע בילדערשריפט פארשטיין, און ניט צוגיין צו איר מיט א פאַרטיגן שולחן־ערוך.

די קונסטגעשיכטע, דאס יונגסטע קינד פון דער היסטארישער וויסנשאפט, אַנטוויקעלט אין אונז א אלץ פיינערן געפיל ווי אזו צו באגרייפן דעם נשמה־אינהאלט פון א קונסט־ווערק. און די היינטיגע קונסט גופא נאכדעם ווי זי האט זיך א פאַרליבטע געוואלגערט צו פיסן פון דער נאטור, הייבט פלוצלינג אן צו זוכן נייע אידעאלן. זיינען דען גאר ניט פאָרגעקומען קיין אינווייניגסטע אויפרעגונגען, וועלכע דער קינסטלער קאן בשום אופן ניט אויסדריקן אין הסכם מיט דער נאטור? באקומט זי דען ניט אקינסטלערישע ווירקונג אויך דענסטמאל, ווען דער קינסטלער פארענדערט אביסל די נאטור, ציט זי אויס אדער בויגט זי צונויף, קורץ ווען ער איז דער בעל הבית פון דער נאטור, און ניט קיין אונטערטעניגער קנעכט אירער? האט דען ניט די מיטלאלטערליכע צייט צוליב די גלייכע טעמים פארגוואלטיגט די נאטור? אטדי נאַטור, וועלכע איז דאך פארן גאטספורכטיגן מענשן פונ׳ם מיטלאלטער קיינמאל ניט געוועזן א ציל פאר זיך, נאר מער ניט ווי א מיטל צום ציל, א מין דורכגאנגס מדרגה צום העכערן, צום רוחניות׳דיגן? דאס וואס ס׳האט זיך געריסן אויסגעדריקט צו ווערן אין דער קונסט איז נאך געוועזן די תורה וואס שטאמט פון מזרח, און וואס איז אויסן געוועזן מנצח צו זיין די גשמיות דורך דעם גייסט, און אויפצוגיין אין מסירות נפש פאר גאט. האט מען דען געקאנט אויסמאלן די הייליגע געשטאלטן ניט אויסגעצויגענערהייט, בעת מען האט געוואלט אויסדריקן, אז זיי שטייען נאר מיט א שמאלן פוס אויף דער ערד, און זייער גאנצער מהות ציט זיך צום הימל ארויף? מוז דען ניט די סביבה פארקלענערט ווערן אויפ׳ן מינימום, כדי די נאטור ארום זאל ניט צו שטארק ארייננכאפן דעם מענשן? וואס פאר א תכלית שטעקט דען אין דעם רוים, וואס די פערספעקטיוו דארף עס דעם זעהער אויסמאלן? ווי נישטיג זענען געוועזן אטדי אלע שפיצליך אנטקעגן דעם טיפן גלויבנס־אינהאלט, וואס מען איז אויסן געוועזן אויסצודריקן?

און אָטדער דאזיגער אינהאלט האט געמוזט זיין פארשטענדליך פאר יעדן פשוטן מענשן. דער עיקר זיינען דא געוועזן ניט די פיינע חלוקים פון שאפן, פון וועלכע נאָר דער גרויסער מבין לעקט די פינגער. „פארן פאָלק״ — האט אמאל געשריבן דער פאפסט גרעגאר דער גרויסער — „איז די מאלערייי שטאָף צום לייענען. דאס וואס דער פשוטער מענש קען ניט ארויסליינען פון די ביכער זאל ער זעהן אויסגעמאלט אויף די ווענט פונ׳ם קלויסטער״. אלזא א קונסט פאר עמי הארצים. אבער עמי־הארצים, וואס זייער הארץ איז געוועזן פול פון גלויבן, און וועלכע האבן געוואלט, אז די קונסט זאל זיי ניט געבן קיין שטיינער אנשטאט ברויט. פאר זייער גאלדענעם גרונט טרעטן אויף די געשטאלטן ווי ארטיסטן, וועלכע שטעלן זיך הארט בא דער ראמפע כדי צו ווירקן נאך בעסער אויף דעם עולם. און די געשטאלטן ווערן ניט צוריסן אין איינצעלנע שטריכן פונ׳ם פענזל, נאר האלטן שטרענג צוזאמען, לויט זייער פארם און פארב. וואס פאר א וואוילטאג עס איז פאר אונזער מאָדערנעם אויג, וואָס האט זיך אנגעזעטיגט מיט ניואנסן צו קוקן אויף אָטדער גרויסער, איינפאכער ליניענשפראך, אויף די לאנגע, טיפע פארבן־אקאָרדן.

דא דערפילט די מאדערנע קונסט איר אינווייניגסטע קרובה׳שאפט; דער געדיכטער שלייער וואס האט פינף הונדערט יאר פאַרשטעלט פון אונז דאס פארשטענדעניש פון דער מיטלאלטערליכער קונסט איז פלוצלינג צורינען ווי נעפל פון דער זון.

ווי פיל סטרונעס פון דער היינטיגער נשמה עס זאלן ניט אנגערירט ווערן בעת׳ן באטראכטן די מיטלאלטערליכע קונסט, טאר מען אבער ניט פארגעסן דעם גרויסן חלוק, וואס ס׳איז פאראן צווישן אונז. די מיטלאלטערליכע צייט האט געהאט א אפגעשלאסענע אנשויאונג פון גאט און פון וועלט, בשעת דער היינטיגער מענש — אויב ער הענגט ניט אין דעם אלטן גלויבן — האלט דאך נאָר אין איין זוכן. אָטדי געוויסקייט, וואס שטעקט אין דער מיטלאלטערליכער רעליגיע, דריקט זיך אויך אויס אין דער קונסט. פון איר שטאמט עס דער פארנעם, די פייערליכקייט, דער סטיל. און דער עצם פרימיטיווקייט פון דעם מיטלאלטער שטאמט פון סאמע תוך; ווער עס שטייט אין מיטן, דעם זיינען ניט נוגע די קרומע שטעגעליך פון דער פעריפעריע. דער היינטוועלטיגער מענש בענקט שוין ארויסצוגיין פון זיין היינטיגער צעפליקטקייט און פונ׳ס ניי צוריקצוקערן צו א נייער איינפאכקייט. אבער דערווייל מערקט מען נאך בא אים אין דער פאראיינפאכקייט דאס זוכעניש. דארטן, וואו דער מיטלאלטער האט געגעבן א אמת׳ע ברענענדיגע התלהבות, באמערקט זיך אין דער מאדערנער קונסט נאר א נערוועזע צוריסנקייט. ערשט ווען א נייער פירנדיגער געדאנק וועט פונ׳ס ניי דורכדרינגען די היינטיגע מענשהייט, ערשט דענסטמאל וועט די קונסט באַקומען יענע פעסטע געשלאסנקייט, וועלכע מיר בעוואונדערן אזוי אינם מיטלאלטער.

פראנץ לאנדסבערגער



מזל תשרי. פון דער הגדה No. 1 (סוף 15 טעס יארהונדערט) ניורנבערג. נאציאנאל מוזעאום.

A Zodiacal Sign. From the Haggadah No. 1. 15th century. Nuremberg. National Museum




פון דעם מחזור א׳ן רשי׳ס בית־מדרש אין ווארמס (1272).

Illuminated Page. From a Prayerbook for Festivals of 1272. Rashi Synagogue. Worms.

By permission of Ch. Herbst, Photographer, Worms.

**בא** דעם פראַנצויז איז דא אַ וואָרט: „le style c'est l'homme“, ס׳איז נאָך אבער מער: דער מענטש ווייזט זיך אַרויס אין זיין כתב.

מיט אַ אמת׳ער באַוואונדערונג קוקן באַ היינטיגן טאָג אונזערע דורות אויף דער שטארקער מוטיגער שריפט פון אונזערע אבות. אַזא מין אות, וואס נעמט אריין אין זיך מיט אַ שטאָלצן באַוואוסטזיין די וואָגיגע גלידער, — באַהעפטן די שווערקייט פון דעם אַלֶף מיט דער באַפליגלטקייט פון דעם שטורמדיגן לַמֶד — אַזאַ מין אות איז אַ צייכן פון דעם כאַראַקטער, איז אַ מענטשליכער דאָ־קומענט. דאָ מערקט מען ניט קיין שפור אַפילו פון דער נייע וואַקלדיגקייט פון די שפּעטערדיגערע דורות, דער שטריך איז דאָ נישט קיין דינינקער און נישט קיין אומבאשטימטער, נאָר ס׳איז קאָנטיג אין אים אַ פעסטע האַנט, ער איז שארף און שטרייכט אונטער דעם געפיל. וואָס פאַר אַ תּענוג עס איז דער קעגנזאַץ פון די מיט זאפט שפרודלנדיגע שווארצע פלעקן און די ווי האָר דינינקע עקליך, דאָס בייטן זיך פון די גלייכע ליניעס מיט די לייכט געבויגענע קרייזען און צירקלעך! אַמשטארקסטן זיינען אָבער די ווייסע גלאנצליכטער פון דעם אַלף אויבן אויף דעם דיאַגאָנאַל־פלעקל, דריי שאַרף־ווינקלדיגע דרייעקן, וואס זיינען ווי צוקנדיגע בליצן, ווי אומדערוואַרטע הויכע אקצענטן פון אַ פון גאָט געבענטשטער שטים, וואס איז מבשר דער וועלט פריידיגן לוסט פון לעבן.

נישט אָפּגעשוואכט, קלינ־גענדיג ריין און פול, דרינגט צו אונז דורך די שטריכן פון אַן אות די וואונדערליכע שטים פון ווייטע יאָרהונ־דערטן. אויסגעמאלט האָט דעם דאָזיגן אות אינמיטן פון דעם 14 י״ה א יידישער סופר פון מעריב־דייטשלאנד וואָס איז געווען אַ קינסטלער אין זיין פאך. דאס איז געווען אַ צייט פון מוראדיגע רדופות. נישט קוקנדיג אויף דער מהומה, נישט קוקנדיג אויף דער פאַרצווייפלונג איז נאָך געבליבן אין אַ שטארקן דור פון דער ראַסע דער גייסט ניט געבויגן, דער חוש ניט מטושטש פאר דער ווירקליכקייט, פאר דער הארמאָניע און שיינקייט.



פון א מחזור (מיטע 14 יארהונדערט). דרעזדן, יאפאנישעס פאליי Ms. A. 46 a.

Illuminated Inital. From a Prayerbook for Festivals of the 14th century. Japanisches Palais. Dresden. Ms. A 46 a.



(Add. 11639) אהרן צינדט אן די מנורה. פון א מאנוסקריפט (1278). בריטיש מוזעאום
Aaron lighting the candles. From a Hebrew Manuscript of 1278. British Museum. Add. 11639.



# די קללה

פון בוך נע־ונדניקעס.



וואורקער רביצין האט נישט געוואלט בלייבן ימים־נוראים אין סאָלעץ צווישן גוים, וואו מען האט געהיילט איהרע פאראליזירטע פיס. ערב ראש־השנה איז זי אנגעקומען אין הויף אריין מיט א סוויטע ווייבער. דאס אלטע הארץ האט בא דער רביצין שנעלער געקלאפט. זי האט געקוקט אין אלע זייטן, געווען זיכער אז דער רבי וועט ארויסקומען, וועט ארויסקוקן דורך א פענסטער. די פענסטער ווי תּמיד זיינען געווען פארמאכט, פארהאנגען מיט ווייסע ראלעטן. פון די שטוביגע איז איין דושקע, א ווייטע קרובה, וואס איז געוואקסן ביי איר אין שטוב, איר געלאפן אנטקעגן. די קראנקע רביצין האט געקוקט אויף דושקע׳ן, געהאט פארדרוס, וואס דאס קליינע מיידל וועלכע דער רבי פלעגט גלעטן איבער׳ן קעפל, איבער די באקן, איז אויסגעוואקסן, געווארן פאר דער קורצער צייט א בתולה.

— וואס לויפסטו אזוי? וואס איז די שמחה מיט דיר? — האט די רביצין זיך כלומרשט פון געוואנהייט געבייזערט: — פרעהסט דיך וואס איך בין געלעהמט?

— מוה־מעשי!

די רביצין האט זי ארומגעכאפט, זיך מיט דושקע׳ן צעקושט און חרטה געהאט וואס זי פרעגט זיך בא איר:

— וואס מאכט דער פעטער?

— ער איז ברוך־השם געזונט!

די חסידים וואס זיינען געוועזן אויפ׳ן הויף האבן אריינגעזעצט די רביצין אין א וועגעלע מיט גומענע רעדער און זי געטראגן מיט פאראד אין שטוב אריין.

דער רביצינס אויסגעגעבענע טאכטער, א נישט דערבאַקענע, האט זיך אזוי דערפרעהט מיטן וועגעלע וואס פארט אליין, אז זי האט פארגעסן אין די מוטער און ווי א קינד גענומען הויבן פון גרויס פרייד דאס קלייד ארויף און אראָפּ:

— א וועגעלע! א וועגעלע!

— שרה׳לע, פרעגסט זיך גארנישט וואס די מאמע מאכט!

— האט די רביצ׳ן אנגענומען זי פאר דער גאמבע, ווי מען נעמט אן א קינד.

שרה׳לע האט געעפנט א מויל מיט ווייסע ציין אז ס׳האט אזש א בלענד געטאן, נאריש געשמייכלט און זיך אוועקגעדרייט.

די רביצין האט געשאקעלט מיטן קאפּ, נאכגעקוקט דער טאכטער וואס האט זיך אזוי געהאט צעוואקסן, אז די קליידער האבן שיער נישט געפלאצט אויף איר און אפגעזיפצט:

— אזא אומגליק!

זי האט זיך אויסגעגלייכט אויפ׳ן וועגעלע און א מאך געטאן מיט דער האנט:

— וואס שטייסטו? האסט פארגעסן אז פונקט צוועלף בענשט מען היינט ליכט? ס׳איז דאך ערב ראש־השנה!

— דער טיש, מוה־מעשי, איז שוין געגרייט.

די רביצ׳ן האט נישט געענטפערט, זיך צעוויעגט מיט די הענט און איז אריינגעפארן מיטן וועגעלע אין א צווייטן צימער.

די צימערן, גרויסע, טונקעלע, מיט פארהאנגענע פענסטער, זיינען געוועזן אנגעשטעלט מיט אלטפרענקיש מעבל, וואס איז געבליבן פון רבינס עלטער־זיידן, דעם ערשטן וואורקער.

די קינדער האבן זיך נישט געהאלטן בא די וואורקער און אז א קינד איז יא געבליבן איז עס געוועזן א נישט דערבאקנס. אין הויף האבן זיך ארומגעדרייט משוגעים. אלע רוהיגע מרה־שחורה׳ניקעס, וואס האבן קיינעם נישט געטשעפּעט. יעדער האט געהאט זיין משוגעת, געזעסן אין א באזונדער צימער, אריינגעאטעמט, אריינגעמח׳ט זיינע גרימאסן און העויות אין די ווענט, אין די שווערע שטיקער מעבל, ביז די טויטע זאכן האבן אנגעהויבן שרעקן, אנגעיאגט א מרה־שחורה.

אין דעם צימער וואו די רביצ׳ן איז אריינגעפארן, איז געזעסן איר שוואגער, א זקן אין די אכציגער. זיין זיידן צעדריוועלט כאלאטל איז געוועזן פעסט פארצויגן מיט א קרייקע, די פארוואקסענע אויגן געווענדט צו דער פּאָדלאָגע און די אויסגעטרוקענטע ליפּן האבן געמורמעלט: — ער איז אן „עתיק־יומין”, אן „עתיק־יומין”, און ער איז אויך א „בחור ואיש מלחמה” — — —

דער זקן איז געזעסן אין דעם פארלאזטן חדר וואו שפּינוועבס האט זיך געשפרייט פון איין ווינקל צום צווייטן, געמורמעלט מיט די ליפּן און צווישן די קנייטשן אויף זיין פארמעטענעם פנים האט זיך געקליבן ערד.

אז די רביצין איז אנגעקומען קיין וואורקע איז ער שוין געזעסן אין דעם חדר און געפירט אויפן קול חשבונות מיט דער וועלט. יעדן פרייטאג האט ער אויפגעזוכט די שוועגעריז און זיך געבעטן:

— רביצין, גיב מיר וועש אויף שבת.

זי האט געקוקט ווי ער האט זיך געטוליעט אין כאלאטל, פעסטער פארצויגן די קרייקע, ווי ער וואלט זיך געקליבן באלד עפעס אפּצוטאָן, און אין צימער האט זיך געהערט:

— עתיק־יומין — — — עתיק־יומין — — —

— וואס מאכט איר, — ר׳ מאיר׳ל? — האט די רביצין עטליכע מאל איבערגעחזר׳ט — האט מען אייך יעדן פרייטאג געגעבן וועש?

ער האט נישט אויפגעהויבן די אויגן, ווייטער געציפּט די קרייקע און אין דעם פארלאזטן חדר האט זיך קוים געהערט:

— עתיק־יומין — — — עתיק־יומין — — —

דער רביצין איז קאלט געווארן. זי האט געקוקט אויפן פארגליווערטן זקן, וואס גוססט שוין אזוי יארן, און איר גאנץ לעבן דא אין הויף האט פאר איר אויפגעשיינט אין דער רגע. די נעכט האט זי פארבראכט אין געוויין, גענומען חדשים ביז זי האט זיך צוגעוויינט צום שוואגער, זיך געשראָקען דער משוגענער זאל צו איר נישט אריינקריכן דורך דער וואנט. די קינדער האבן זיך בא איר נישט געהאלטן און אז שרה׳לע איז געבוירן געווארן א נישט דערבאקענע און זי, די רביצין, האט אנגעהויבן צו קרענקן, איז דער רבי קאלט געווארן צו איר. א שווערע מרה־שחורה האט זיך פארקליבן אין הויף, האט אלעמען ארומגעכאפּט, אפּגעטעמפּט יעדן פארלאנג. האט די רביצין מיטן מיידעלע אויסגעמיטן מענשן, דערפיהלט די קללה אין זיך און א קרענקליכע הנאה געהאט וואס די קללה פארשפרייט זיך און הענגט איבער׳ן הויף. פונקט דעמאלט איז זייער׳ס א קרוב געשטארבן, איבערגעלאזט אַ מיידעלע און דער רבי האט זי געבראכט אין הויז אריין. די רביצין האט פיינט געקריגן דושקע׳ן, נישט געקאנט זעהן ווי דער רבי שפּילט זיך מיט איר, געליטן ווען דאס מיידעלע האט מיט איר געלעכטער פארטריבן די מרה שחורה פון די פארלאזטע צימערן. די שנאה צו דושקע׳ן איז געוואקסן בא דער רביצין מיט די יארן, איר נישט געקאנט מוחל זיין, פאר וואס זי האט זיך אריינגעריסן מיט איר געלעכטער אין איר פארשאלטן לעבן. און וואס מעהר זי האט געליטן, אלץ שטארקער האט זיך איר געוואלט לעבן. אוועקגעבלאזן מיט א הויך די שווערע פארגאנגענהייט און באשלאסן מעהר נישט צו שווייגן. נאך היינט, ערב ראש־השנה, וועט זי פאדערן פון רבי׳ן א ברכה.

זי האט זיך אויסגעווישט די אויגן און איז אריינגעפארן אויפ׳ן וועגעלע אין עס־צימער.

דא האט זי זיך אויסגעגלייכט, באקומען אן אנדער קול, גערופן די דינסטן, זיי געשיקט אהער, אהין, נישט געקאנט פארטראגן וואס דושקע שטייט נישט איין אויף אַן אָרט, איז צו פריילין און זיך געבייזערט אויף איר:

— וואס צעשטעלסטו נישט די לייכטער?

דער רבי אין ווייסע זיידענע קליידער איז אריינגעקומען אן אויסגעצוואגענער, זיך נישט באגריסט מיטן ווייב און געזאגט אין דער וועלט אריין:

— צייט ליכט בענשן!

— שלמה׳לע, איידער כ׳גיי ליכט בענשן — האט די רביצ׳ן זיך בא אים געבעטן — וויל איך פון דיר א ברכה. פועל בא גאט כ׳זאל געזונט ווערן!

— כ׳קען נישט פועל׳ן — האט דער רבי אהויב געטאן מיט די אקסלען.

— דער גאנצער וועלט העלפסטו — האט די רביצ׳ן זיך צעוויינט.

אז כ׳קאן נישט פועל׳ן — האט זיך דער רבי אין א פארלעגנהייט געריבן א האנט אין א האנט.

— בא גאט וועסטו שוין פועל׳ן — האט די רביצ׳ן א געשריי געטאן: — פועל פריהער ביי ד י ר כ׳זאל געזונט ווערן!

— צייט ליכט בענשן! — האט דער רבי געטעהנ׳ט זיינס.

— כ׳וועל נישט בענשן! — האט די רביצ׳ן א קלאפ געטאן מיט דער האנט אין טיש.

— ווילסט נישט בענשן? — האבןביים רבי׳ן זיך געטרייסלט די הענט — גוט, גוט! דושקע, גיי צו און בענש!

עס איז געווארן אונהיימליך שטיל. די רביצין האט געקוקט אויף דושקע׳ן, ווי זי איז געשטאנען מיט אראפגעלאזטע אויגן ווי א פארשעמטע כלה, זיך דערמאנט אז דער רבי איז שוין יארן א פרוש, איז איר עפעס קלאר געווארן און דער קראנקער קערפער האט זיך געקארטשעט פון ווייטאָג.

— פאר וואס קומט מיר אזא שפיכת־דמים — — —

דושקע! — האט דער רבי איבערגעהאקט דער רביצ׳ן די רייד: — מען רעדט דאך צו דיר, דושקע, גיי און בענש ליכט!

— ארויס פון מיין שטוב! — האט די רביצ׳ן מיט די פויסטן זיך א ציה געטאן צו דושקע׳ן.

איידער דושקע האט צייט געהאט זיך א דריי צו טאָן, האט די רביצין געכאפט פון טיש א לייכטער און א שליידער געטאן איהר אין קאפ אריין: — רבונו־של־עולם, בלייבן זאלסטו א יונגע אלמנה!

די נישט דערבאקענע שרה׳לע וואס איז די גאנצע צייט געזעסן באם פענסטער און זיך געשפילט מיט איר ליאלקע, איז פון דעם טומל אויפגעשפרונגען, געזעהן אז די מוטער כליפעט, האט זי ארויסגעלאזט א אויסגעצויגנעם געוויין, ווי א וואיען, אז בא יעדן איז דורך א דרעשטש דורכ׳ן לייב.

י. אָפּאַטאָשו



Illuminated Word. From a Prayerbook for Festivals. 14th century. Dresden. Japanisches Palais. Ms. A. 46 a.

פון א מחזור (מיטע 14 יארהונדערט)
דרעזדן, יאפאנישעס פאַליי Ms. A. 46 a.



עדוארד מאנע.
Edouard Manet.

מיט ערלויבניש פון דער מארעגעזעלשאפט בערלין.
By kind permission of the Marées Society.

פארטרעט פון א פרוי (ארום 1880)
Portrait (about 1880).



מאקס ליבערמאן, פארטרעט פון באראן בערגער.
Portrait of Baron Berger. Max Liebermann

# דער פארטרעט אין דער היינטיגער קונסט

דער אימפרעסיאניזם איז געווען דער אויסדרוק פון א גאנץ באשטימטער וועלט־אנשויאונג. ער האט אין זיך גובר געווען די אלטע סתירה צווישן דעם אמת׳ן „זיין” און דעם בלויז „דוכטן זיך”. דאס „דוכטן זיך”, האט ער געזאגט, דאס איז טאקע דאס סאמע אמת׳ע זיין. די דאזיגע קונסט, וועלכע ווייזט אויס אויף דעם ערשטן קוק אזוי פיין, אזוי צעפלאטערט און אזוי פיל־פארביג, האט אין דער אמת׳ן אנ׳אויסטערלישע אויסגעהאלטנקייט אין זיך. די מאלעריי האט דאך תמיד צו טון מיט דעם „דוכטן זיך”. זי איז דאך נישט ביכולת צו געבן עפעס אנדערש ווי די אויבערפלאך פון די זאכן. אבער די פריהערדיגע קונסט האט זיך פון תמיד אן געפלייסט, ארויסצוציהן פון דער דאזיגער אויבערפלאך „כאראקטעריסטישע” שטריכן און צו געבן אויף וועלכן נישט איז אופן דעם „תמצית” פון די זאכן. די פריהערדיגע קונסט האט למשל געמאלט א רויטע זאך גאר רויט, טאקע פשוט רויט, אהן קיין שום קונצן; און טאמער איז אויף דעם רויט געלעגן א שאטן, איז דער דאזיגער שאטן געווען נישט מעהר ווי א פארטונקעלונג פון דעם רויט. דער אימפרעסיאניסט האט דערזעהן דאס, וואס אויך די וויסנשאפט האט אין דער אייגענער צייט ארויסגעפונען — אז א רויטע זאך גאר ווייזט זעהר זעלטן אויס רויט, און אז זי קאן אננעמען כל׳ערליי פארבן לויט דער באלויכטונג, אונטער וועלכער זי שטייט און לויט דער סביבה, אין וועלכער זי געפינט זיך. און א שאטן איז נישט קיין שווארצע טוך, וועלכע לייגט זיך אויס איבער די רויטקייט. א שאטן איז תמיד געפארבט, עס איז נישטא קיין שווארצקייט אין דער נאטור אזוי ווי עס איז נישטא קיין שווארצקייט אין א אויפגעשפאלטענעם שטראַל פון ליכטיגקייט. דער אימפרעסיאניסט מאלט די זאכן אין דער באלויכטונג פון א באשטימטער רגע, אט אזיי ווי זיי טרעטן אויף גראד „איצט” און גראד „דא”. ער וויל ווייזן די „ערשיינונג” אין דער העכסטער מדרגה פון אמת׳דיגקייט. ער גלויבט לחלוטין נישט דערין, אז עס איז פאראן אנ׳אנדער אופן פון „ריכטיגקייט” ווי די פלוצימדיגע, ווי די, וועלכע מען מוז אויפכאפן אין פלוג. און דערפאר האבן די אימפרעסיאניסטישע בילדער אין זיך עפעס צאפלדיגס, צערפלאטערטעס און לעבעדיגס — בקיצור דאס, וואס מען פלעגט פריהער אנרופן





רענאָאַר — Renoir.

פארטרעט פון שאָקע. — Portrait of M. Choquet.

From Fritz Burger, Cézanne and Hodler. Delphin-Verlag. Munich.

א „מקרה־זאך״. אבער פאר דעם אימפּרעסיאניסט זיינען גראד די מקרה־זאכן די סאמע אמת׳ע זאכן, ווארום מיט צופאלן איז פול די גאנצע וועלט. די מקרה־זאכן האט מען פריהער געוואלט אין גאנצן אפּראמען פון וועג, ווייל מען האט אין זיי געזעהן עפּעס אזוינס, וואס איז אין גאנצן פארשיידן פון דעם אמת׳ן „מהות״.

א גריכישע מעשה דערצעהלט פון פידיאס׳ן, אז בעת ער האט געוואלט אויסהאקן אין מירמלשטיין דאס בילד פון דער געטין אטענא פאר דעם פּארטענאן, פלעגט ער צונויפרופן די שענסטע פרויען פון אַטען אין זיין ווארשטאט. סוף כל סוף האט ער זיך נישט אפּגעשטעלט אויף קיין איינציגע פון די דאזיגע פרויען, אבער ער האט די באזונדערע „מקרה׳דיגע״ שיינקייט פון איטליכער איינער צונויפגעגאסן אין איין איינ־ציג בילד, וועלכעס האט שוין פארלוירן אלע יחידישע שטריכן. דאס איז נישט געווען קיין פּארטרעט, אבער דער פריהער־

דיגער פארטרעט־מאלער פלעגט אין א געוויסער מאס אזוי מאכן. אמת, ער האט נישט געזוכט קיין אלגעמיינע שיינ־קייט, אבער ער האט זיך געסטארעט ארויסצוארבעטן פון דעם קאפ דאס כאראקטעריסטישע, תמיד׳יגע און תמצית׳דיגע, וואס שטייט מחוץ פון די פארשידענע צופאלן, וועלכע דער מאמענט ברענגט מיט זיך. און דערין האט געשטעקט א באַ־שטימטע פילאזאפיע, דער געדאנק, אז די נשמה אנטפלעקט זיך אין גוף אין איטליכער רגע, אז די נשמה איז עפּעס, וואס מען קאן און מען מוז אפזונדערן פונ׳ם גוף מיט אלע זיינע חסרונות, כדי זי זאל זיך קאנען ארויסווייזן אין איר גאנצער ריינקייט. דאס איז אין תוך די קריסטליך־מיטלאלטערליכע אנשויאונג מכח דער נשמה, וועלכע האט געפונען איר אויס־דרוק אין דער נזירות און די אינסטיטוציע פון די מאנאכעס. דער אימפרעסיאניסט האט אנדערע השגות. פאר אים איז נישטא קיין נשמה, וואס זאל זיין אפגעזונדערט פונ׳ם גוף, וועלכער איז דאס מקרה׳דיגע, שפלע און וועלכן מען דארף גובר זיין. פאר אים עקזעסטירט דאך נאר די ערשיינונג מיט אלע אירע צופאלן. ער גיט נישט יענעם כאראקטעריסטישן אויסדרוק, וועלכן מען האט פריהער געזוכט, נאר דעם פלוצימ־דיגן און דוקא פלוצימדיגן אהן קיין שום אויסקלויבעניש און נישט אדורכלאזנדיג קיין איינציגע קלייניגקייט. אט דער מענש, וואס אנטפלעקט זיך אין דער סאמער רגע׳דיגער רגע איז פאר אים דער אמת׳ער מענש; דאס איבריגע איז פאר אים בלויז אנ׳אנשטעל, אנ׳אויסטראכטעניש און א פאלשקייט.

פון אזא מין אנשויאונג איז ארויסגעוואקסן אזא מין פאר־טרעט, ווי דער בּאראן ב ע ר ג ע ר פון ליבערמאנ׳ען (זייט 10). איטליכעס קנייטשל, איטליכע אומגלייכקייט איז אויפגעכאפּט געווארן, און אין דער אייגענער צייט איז אויך אויפגעכאפּט געווארן דער רושם פון פלוצימדיגקייט. מען זעהט, ווי ער באוועגט זיך און עס בייט זיך דער אויסדרוק; די רגע איז געגעבן געווארן ווי זי איז און נישט פארגליווערט געווארן. אזא מין בילד זעהט אויס „צעפלאטערט“. עס פעהלט אים דאס אפגעטאקטע, פארטיגע, „די גלאטמאלעריי“, ווי די אימפרעסיאַ־ניסטען רופן עס אן מיט א ביטול; ווארום דער אימפרעסיאַ־ניסט וויל כלל נישט „פארטיג“ מאכן לויט דעם אלטן שטייגער, ווארום דאן וואלט ער נישט געקאנט געבן דעם איינדרוק פון א רגע׳דיגער פלוצימקייט. אין אנהויב האט מען דעם אימ־פרעסיאניזם אויפגעווארפן דערין, אז זיינע בילדער מאכן דעם רושם פון עסקיז׳ן ווייל מען האט נישט תופס געווען זיין טיפערן מיין, זעהענדיג אין אים נאר דעם נישט־קאנען פון ברענגען די זאך צו פולקאמקייט. היינט האט מען זיך שוין צוגעוואוינט צו אזא אופן פון מאלן. ער פארמאגט א מעלה, וואס איז גאר נישט אפצושאצן. היות ווי די בילדער זיינען נישט „גלאטגעמאכט“, זעהט מען באשיינפערלאך דעם פּיר מיט דעם פענזל, און מען באקומט א געפיל פאר די אינדיווי־דואליטעט פונם מאלער, וועלכע דריקט זיך אויס דערין. מיר זעהען באשיינפערלאך דעם „כתב־יד“ פון דעם קינצלער, דעם טיפסטן אויסדרוק פון זיין גייסטיגן מהות.

אבער זייענדיג פארליבט אין אלץ וואס מען קאן זעהן, האט זיך סוף כל סוף בא אים אלץ געמוזט צעגיין אין פארבן־קלעקן, און דאן איז שוין פאר דעם קינצלער קיין נפקא־מינה נישט געווען, וואס ער האט איבערגעגעבן צי — מענשן, צי הייזער, צי פּייזאזשן. אלץ איז געווארן צו א מין אידיליע, צו א הויפן פון פארבן־קלעקן, און די עובדא פון איבער־געבן איז אפּגעטרעטן אין א זייט. אזא מין אידיליע־פארטרעט איז דער פרויען־קאפּ פון מאַנע (זייט 9). דאס וואס מען זעהט דא איז שוין גאר נישט קיין קאפּ פון א פרוי, און אויך נישט קיין קאפּ פון א מענשן בכלל, נאר א שטיק שיינע הויט, אי־בערגעגעבן פונקט אזוי אומפארזענליך־אביעקטיוו ווי א קוסט פון בעז אדער ווי א בינטל שפארגל.

אטדאס איז דער תמצית פונ׳ם אימפרעסיאניזם: דער כלומרשט פילאזאפישער געדאנק, אז די מאלעריי קאן תופס זיין נאר די ערשיינונג, און אז אין דער אייגענער צייט אנט־פלעקט זיך אין דער דאזיגער ערשיינונג אויך אלץ וואס ליגט הינטער איר. עס זיינען נישטא קיין מקרא־זאכן, וועלכע מען דארף אפראמען, כדי מען זאל קענען ארויסשיילן דעם קערנדל פון די זאכן, ווארום אז נישט פארפאלשט מען אים. עס פעלט דער באגריף פון צייט, אלץ איז פלוצימדיג. דער אימפרעסיאַ־ניסט איז א פלאם־פייערדיגער חסיד פונ׳ם זעהן, ער איז פארליבט אין דער געזעהענער וועלט. דערפון נעמט זיך זיין טעאריע, אז דער אמת׳ער קינצלער קאן אלץ מאלן. עס זענען נישטא קיין דערהויבענע, אידילישע אדער עראטישע טעמעס, וועלכע עס וואלט ווערט געווען צו מאלן צוליב זייער דערהויבנקייט, זייער אידיליע און זייער עראטיק. פאר דעם אימפרעסיאניסטישן קינצלער איז נישטא קיין תוך, וועלכן ער וואלט געוואלט איבערגעבן, כדי איבערצוגעבן דוקא דעם דאזיגן תוך און נישט קיין אנדערן. דער אימפרעסיאניסט האט מיט א הארבער אויסגעהאלטנקייט אפגערייניגט די מאַ־לעריי פון דער נטיה צו געשיכטע, צום זשאנר. ער האט אין אונז אנטוויקלט א חוש הריח פאר „ליטעראטור“ און „מאלע־ריי“. דאס וואס איז ווערט לויט אים געמאלט צו ווערן, דאס זיינען פארבן־פלעקן און די הארמאניע פון זיי. אבער ער איז אדורכגעדרונגען פונ׳ם געדאנק, אז דוקא אזוי קאן מען איבער־געבן די נאטור אין אירע דרך־הטבע׳דיגסטער נאטירליכקייט.

און איינמאל אין א שיינעם פרימארגן איז געווארן א סוף צו דעם דאזיגן גאנצן כישוף. פאר אונז אלעמען, וועלכע האבן איבערגעלעבט די אנטוויקלונג פון דער אימפרעסיאַ־ניסטישער קונסט איז זי ביז דער לעצטער מינוט געבליבן פריש, אינטערעסאנט און פול מוט יוגנט — און פלוצים איז עפּעס אפּגעריסן געוואָרן, און אַ נייער געפיל האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצושפארן. מען האט שוין נישט געוואָלט זעהן די וועלט פון דרויסן נאר פון אינוועניג. מען האט אסך גערעדט מכח דעם ווידעראנאנד פון איינדרוק און אויסדרוק, פון דעם אויפ־נעמענדיגן אימפרעסיאניסטישן שטייגער, וועלכער זוכט רק איבערצוגעבן, און פון דער פראדוקטיוויטעט פון דער נייער קונסט, וועלכע רייסט זיך ארויס און וועלכע מען האט אנ־גערופן „עקספרעסיאניזם“. עס האט זיך דא אין דער אמת׳ן אנטפלעקט א נייער וועלט־געפיל; און נישט נאר אין דער מאלעריי אליין. עס איז זעהר אינטערעסאנט צו פארגלייכן די נייע קונסט מיט דער פילאזאפיע פון דער אייגענער צייט. אויך דא האט מען געוואלט אוועק פון דער „ערשיינונג“, וועלכע די קאנטישע פילאזאפיע האט געהאלטן פאר דאס איינציגע, וואס מען קאן וויסן, און ווי נישט איז אדורכ־

שטופן זיך צום תמצית פון די זאכן. אחוץ דעם האט דער
עקספרעסיאניסט א נטיה צו נזירות. אין תוך קוקט ער פון
אויבן אראפ אויף די געזעהענע וועלט, כאטש ער דריקט אויס
דעם דאזיגן געפיל אין אַ קונסט, וועלכע איז בטבע געמאכט
פאר דעם זעהן. זיינע פארטרעטן זוכן ווידער אמאל די נשמה
אויף א פשוט׳ן און גלייכן אופן, פול מיט טעמפעראמענט
און קראפט ווי מ י י ד נ ע ר אין דער פאַרקרימונג און דער
פארגליווערונג פונ׳ם אויסדרוק (זייט 31) אדער אין קינדלי־
כער שוואכקייט ווי ב א נ ד, וועלכער גיט נישט אין זיין
קאפ (זייט 12) א באשטימטע נשמה פון א יחיד, נאר עפעס
אזוינס, וואס זעהט אויס ווי „נשמה׳דיגקייט״. און אפילו
דארט, וואו מען איז נישט אויסן קיין אנדערע זאך, ווי
איבערצוגעבן דעם גוף, דעם קערפער, נעמט מען אים נישט
מיט אלע מקרה׳דיגע ערשיינונגען, נאר מען „בויט אים אויף״
אויפ׳סניי ווי א שטיק ארכיטעקטור, אלס א צונויפקלאנג פון
מאסן און ליניעס. עס זענען דערביי ארויסגעקומען אסך
משונה׳דיגע זאכן און אונטער ד׳ם כישוף־ווארט „לויט דעם
אויפבויענדיגן שטייגער״ האט זיך ארייגעגנב׳עט אין דער
קונסט אסך פסולת. אבער עס שטעקט אויך דערין אנ׳ערנס־
טער און קינצלעריש באטייטפולער אינסטינקט פאר דעם
„אויפבויען״ אין דעם גרויסן פארנעם. דער פרויען־פארטרעט
פון בערלעווי, וועלכער איז דא איבערגעגעבן (זייט 16), איז
א ביישפיל פון אזאַ מין אויפבויאונג, אין א ביסל אַ שוואכער
און אויסגעפיינטערער פארם; אינ׳ם געזיכט און אינ׳ם קער־
פער איז נישטא קיין סליאַד פון יענער באריידעווודיגער און
אימפרעסיאניסטישער אינדיווידואליטעט, וועלכע איז אויסגע־
דריקט אין דעם בילד פון ליבערמאַנס באַראָן בערגער; און
דעם אמת רעדנדיג, האט מען דא גארנישט געוואלט געבן
קיין אינדיווידואליטעט. די נטיה אויפצובויען דעם קערפער
פון כלומר׳שט ארכיטעקטאנישע מאסן איז דערפירט געווארן
ביז צו דער העכסטער מדרגה אין דעם קוביזם, אוואו די נא־
טירליכע ארגאנישע פארמען ווערן מגולגל אין די מאטעמא־
טישע פארמען פון שטיין. בלי ספק: די דאזיגע ריכטונג אין דער
קונסט איז בסך הכל נישט געווען זעהר פרוכפּאר. ווארום
בא היינטיג טאג איז זי שוין ״געוועןʺ. זי האט אין זיך א
מין שנאה צו טאלענט, און אין די טיפסטע טיפענישן פון
איר נשמה איז זי דאך נזיר׳יש, קונסטפיינטליך. זי האט נישט
האלט די געזעהענע איבערפלאך פון די זאכן און די מענשן,
זי וויל געבן עפיס מעהר ווי בלויז געזעהענס, און איטליכע
מאלעריי איז דאך סוף כל סוף פארקניפלט מיט אלץ, וואס לאזט
זיך זעהן. אבער מיר זיינען דא נישט אויסן צי קריטיקירן, מיר
האבן בלויז געוואלט ווייזן, ווי די אנטוויקלונג איז דא געגאנגען.

דער אימפרעסיאניזם איז געווען די קונסט פון א גרופע,
וועלכע איז געשטאנען אויף א הויכע מדרגה פון קולטור.
עס איז גענוג א קוק צו טון, מיט וואס פאר א דערהויבענער
פיינקייט עס איז געמאלט געווארן דער קאפ פון שאָקע בא
רענאָאַר (זייט 11). פון די פראסטע קעפ מיט די גראבע ליניעס,
וועלכע דער עקספרעסיאניזם מאלט, האט אַ פנים ארויסגעקוקט
אַנאנדערע גרופע, און היות ווי דער עקספרעסיאניזם איז אויפ־
געקומען אין דער אייגענער צייט ווי די סאציאליסטישע רע־
וואלוציעס אין די אייראפעישע מדינות, האט מען געמיינט,
אז דאס איז די קונסט פונ׳ם פראלעטאריאט. אבער אזוינע
מיני פארגלייכן זענען מעהר ווי פאלש. די אנטוויקלונגען פון
דער קונסט לאזן זיך נישט אויסטייטשן דורך פאליטישע לא־
זונגען. די קעפ פון די עקספרעסיאניסטישע פאָרטרעטן זענען
נישט דערפאר פון אזא הארבער פראסטקייט, ווייל זיי שטעלן
מיט זיך פאר אנאנדערע גרופע פונ׳ם פאלק, מיר נעמען אן,
אז ביידע קונסט־ריכטונגען זענען אדורכגעדרונגען פון דעם
זעלביגן רצון, און אז געביטן האבן זיך נאר די איבער־
געגעבענע זאכן. וויל מען אבער פארשטיין דעם עקספרע־
סיאניזם, מוז מען אויך פארשטיין, אז ער גייט ארויס פון
אנ׳אנדער וועלט־געפיל איידער דער אימפרעסיאניזם.

ד״ר גבריאל מארצינסקי



מזל חשון. פון דער הגדה No. 1 (סוף 15 טעס יארהונדערט) ניורנבערג. נאציאנאל מוזעאום.
A Zodiacal Sign. From the Haggadah Nr. 1. 15th century. Nuremberg. National Museum.



דוד פרישמאן.

David Frischman

אן ארטיקעל וועגן דוד פרישמאן דערשיינט אין דריטן העפט מילגרוים.




פארטרעט פון א פרוי (1921).
Portrait (1921).

ה. בערלעווי.
H. Berlewi.

# די אנטוויקלונג פון דער מאָדערנער גראפיק

## די ליטאָגראפיע

דעם שטיינדרוק, דער ליטאגראפיע, פעלט דער יחוס גלאנץ, דער פיינער גרינבליכער שימער פון אן אלט בראָנזנשטיק. עפּיס שטעקט אין דעם די וואכעדיגקייט פון א מאסנזאך, פון אן אויפגעקומענעם די לעצטע צייט. פון אלע מינים בילדדרוק איז די ליטאגראפיע די יונגסטע, זי האט זיך באוויזן ערב דעם בורזשואזן 19 טן יארהונדערט.

יעדער נייער אויפטו אין בילדדרוק איז געווען א שטיק דעמאקראטיזירונג. אין 14 טן יארהונדערט איז דאס פירגעקומען מיטן האָלצשניט. דער האלצשניט האט אויסגעריסן דאס בילד און דאס ווארט פון דער אריסטאקראטישער איינמאָליגקייט און דאס איבערגעגעבן דעם כלל, כאטש אפילו נישט גאר קיין גרויסן קרייז. אין 15 טן יארהונדערט האט דאס זעלבע אויפגעטאן דער קופערשטעך, נאך מער און זיכערער האט דאס אויפגעטאן די לעצטע צייט די ליטאגראפיע, וואס האט זיך געשטעלט צו דינען דער שטארק אויסגעוואקסענער פּרעסע.

מ׳ווארפט אויס דער ליטאָגראפיע, אז זי רעפּראָדוצירט א צייכנונג ריין־מעכאניש; נישט די אייגענע מעטאדע, נישט די אייגנארטיגע טעכניק, נישט דער פארשידנארטיגער מאטעריאל, וואס ווערט באנוצט צו דער פארמערונג, — איז דא נישט בולט אויסגעדרוקט.

אין האלצשניט און אין קופערשטעך איז דאס געווען גאר אנדערש. די צייכנונג, וואס איז אויסגעשניצט מיט רעליעפליניעס אין האָלץ אדער אויסגעקריצט אין דער טיף אין קופּער, איז נאכדעם באם פאַרמערן, באם דרוקן, ארויס גאר אנדערש. לויט דער נאטור פון האָלץ אדער פון דער קופערפּלאַטע און פון דעם געצייג (דער מעסער, דאס גראבשטעקל, די קריצנאדל), וואס איז דערביי גענוצט געווען, איז די צייכנונג ארויס אין ערשטן פאל (באם האָלץ) גרעבער, עקיגער, קאנטיגער אבער קרעפטיגער אויך; אין קופּער איז זי געווארן פיינער, פארשידנארטיגער אין די שטריכליניעס.

גראד אין די דאזיגע אייגנארטיגע סימנים שטעקט אפטמאל דער רייץ פון אזאך. ס׳איז א פרייד פארן אויג צוצוזעהן דעם מייסטערס האנט, דעם קונסטאויפטו, נאך מער פרייד בעת מען דערמאנט זיך וואס פאר אמי פון טעכניק דא שטעקט.

אין דער ליטאגראפיע איז נישט מ׳שניצט ארויס די צייכנונג מיט רעליעפליניעס, נישט מ׳קריצט זי איין אין דער טיף. מ׳פירט זי ארויף אויף דעם גלאטן שטיין און ער בלייבט פלאך און גלאט ווי פריהער; מיט כעמישע מיטלען דערלאנגט מען, אז די צייכנונג גופא זאל אויף זיך קאנען אָננעמען דרוקפארב, די איבעריגע ערטער זאלן אפשטויסן פון זיך די פאַרב. דאס איז א פלאכדרוק מיט אַ כעמישער מעטאדע, א מעכאנישע זאך. דער קינסטלער, נאכדעם ווי ער האט די צייכנונג געמאכט אויף פאפיר, האט מיט דעם שטיין גופא נישט צו טון. אויפן שטיין און אין דרוק קומט שוין די צייכנונג ריין־מעכאניש.

קיין נייע קונסט־זאך ווערט דערביי געוויס נישט, די ליטאגראפיע האט אבער גאר אן אנדער פארדינסט. דאס ערשטע מאל האט זי געוויזן דעם וועג אויפצוהיטן פאַראַנאנע קונסט־זאכן און צו פארמערן זיי אין גרויסע מענגעס. נאך מער: זי גיט די מיגליכקייט נאכצומאכן נישט בלויז ליניעס און שטריכן, נאר גאנצע געדיכטע פארבנשטיקער, וואס ווערן געמאלט (אויף פאפיר אדער לייווענט) מיט א ווייכן שטיפט, מיט קויל אדער מיטן פענזל. נישט דער האלצשניט, נישט דער קופערשטעך האבן אזוינס נישט געקאנט אויפטון. די גרעסטע מעלה פון דער ליטאגראפיע איז געווען, וואס זי האט זיך ארויסגעשטעלט אימשטאנד איבערצוגעבן טושמירן און קערנדיגע קריידשטריכן. דאס האט זי געמאכט פאר דעם פּאפּולערסטן מיטל אין בילדדרוק.

דערהויפט האט זי באדארפט באליבט ווערן באם קינסטלער, וואס האט זיך געוואלט אפגעבן בלויז מיט דער צייכנונג אליין, נישט געזארגט און ניט געקלערט ווי אזוי דאס צו פארמערן. וואס פאר א גליק דאס איז צו קאנען צייכענען און נישט דארפן קלערן, ווי אזוי דער און דער שאָטן אדער יענער קאָנטור וועט אויסזעהן אויף דער פּלאַטע געשניצט אדער געקריצט! פאר א צייכנונג, וואס איז אויסן פעסטצוהאלטן



רחל שאליט-מארקוס. מ׳פארט צום רבין.

The drive to the Rabbi. Lithograph. Rachel Szalit-Marcus.

א סיטואציע אויף דער מינוט, א בליץ־איינדרוק, — איז די ליטאגראפיע דאס געהעריגע טעכנישע מיטל. פארשטייט זיך, אז א קינסטלער מיט אַזא טעמפעראמענט ווי דעלאַקרואַ (1799—1863) האט געמוזט אנקומען צו אזא מיטל. און גאָיאַ (1746—1828) דער אלטער, אבער דער אייביג פרייער, האט זיך אויך געפילט גענוג יונג צו נעמען זיך פאר דעם נייעם מיטל. ס׳האט אים געמוזט שטארק ציהען צו זעהן פארמערט עפעקטן פון א פעדער־אדער א קרייד־צייכנונג, פון אשטודיע געפענזלט מיט טוש. דער דאזיגער קינסטלער, וואס האט זיך געגעבן אזויפיל מי צו געווינען אויף דער מעטאלפלאטע מאָלערישע פארבנשטיקער מיט א ספעציעלער מעטאָדע און מיט ספעציעלע אינסטרומענטן, האט זיך געמוזט פרייען צו זעהן דעמזעלבן רעזולטאט אויף אשטיין נאר אָהן יעדער מי. די אפבילדונג ז. 18 ווייזט אונז איין בלאַט פון זיינע 4 ליטאגראפישע בלעטער Toros de Bordeos, סצענעס פון דעם אָקסנקאַמף אין באָרדאָ.

אויף איבערצוגיבן סצענעס פון אָקסנקאַמף, וואו דער עיקר איז שארף צו כאַפן די באוועגונגען, אימפרעסיאניסטיש אויפצונעמען די סצענע, ווייל אלץ בויט זיך דארט אויף דער מינוט, די זשעסטן און באוועגונגן פון דעם טאָרעאַדאָר און פון דעם אָקס, די באנעמונג פון די צוזעהער, די שפרינגנדיגע שיין אויף דער זונבאשטראלטער אַרענע, דא העל, דארט פארשאָטנט, אויף איבערצוגעבן אזא רירעוודיגע זעהונג האט מען באדארפט האבן ניט אנדערש נאר א צייכנונג, וואס איז אימשטאנד דירעקט צו סטענאגראפירן דאס אויפגענומענע אָהן יעדן שטער. בלויז א ליטאגראפיע האט געקאנט איבערגעבן אזא סטענאגראמע.

נאך איינער, האָנאָרע דאָמיע (1808—1879), מיט אזא פייערדיגן טעמפעראמענט ווי גאָיאַ, האט זיך גענומען פאר דער ליטאגראפיע און האט נעלאזט אויף איר זיין ווירקונג א לאנגע צייט. אבער דאס איז שוין געווען א מאן פון אן אנדער צייט און פון אן אנדער סביבה. די צייט איז געווען — די יולי־רעוואלוציע 1830, און דער קינסטלער איז געווען א צייכנער אין דער טאָג־פרעסע. די פאָליטישע קאריקאטור, דאס שטרייט־מיטל פון דער טעגליכער פרעסע, האט אנגעהויבן צו וואקסן אין פאריז די 30 ער יארן. ס׳זיינען געווארן אזוינע בלעטער ווי La Caricature און Charivari (קאצנמוזיק), וואס זיינען נאכגעגאנגען די פאָליטישע טאגגעשעהענישן מיט געפעפערטע פירושים. דאָמיע׳ס בייסנדיגע סאטירע האט ניט געשוינט קיין איין פאָליטיקער פון דעם ערשטן פארלאמענט־רעזשים אין פראנקרייך, קיין איין ריכטער און אנגעקלאגטן אין די פראָצעסן וועגן די אומרוהען אפריל 1835. ער האט געשאפן דעם טיפ גרויסע פאליטישע קאריקאטור. דער פרעסעגעזעץ סעפטעמבער 1835 האט דערשטיקט די פאָליטישע קאריקאטור. La Caricature האט זיך פארמאכט, דער Charivari האט שוין איצט געצילט זיינע פיילען בלויז אין דער בורזשואזער געזעלשאפט. דאָמיע האט אויסגעשפעט די אויפגעקומענע, די הויכקריכער, דאס ציגיינערגעזינדל, גרינדער, אינדוסטריע־ריטער, ספעקולאנטן, וואס די פאָליטישע איבערקערעניש האט זיי צוגעשפילט, ווי אויך די זיטן פונם קליינבירגערטום.

באַ דאָמיע איז די צייכנונג געווענדט אן דער געגעבענער לאגע. דער אינהאלט האט צו זאגן אויפן בילד. מ׳פרעגט ניט אויף דער טעכניק, מ׳לעבט מיט. אזוי ווייניגסטנס האט דאס אויפגענומען זיין דור מענשן. א קעגן האט מען באַ אזוינעם ווי גאַוואַרני (1866—1804), מער מאָדעצייכנער און מאָלער פון דער עלעגאנטער געזעלשאפט, באוואונדערט גראד ווירטואָזע טעכניק, זיין וואונדערליך טיף סאַמעטן שווארץ, זיין ראפינירטע ליניע, די גראציע פון זיינע שאַפונגען (זעה אפבילדונג ז 27).

אויב בא דאמיע איז צו געפונען עסטעטישע ווערטזאכן, איז דאס עפיס ווי ניט אן אים געווענדט, נישט געקוקט וואס ער איז דאמיע. ער האט קנאפ אינטערעס פאר דער קינסטלעריש־באארבעטער פארבנשטיק; זיינע געשטאלטן זיינען ווי פון ליים געקנעטן, אויפגענומען מער פלאסטיש, איידער מאלעריש. אפגעשלאגענע שאטנס זאלן באטייטן דעם ארום; א קאפ, א האנט פארקיילעכדיגט אין א שטארקער נאטירליכקייט; פונקט אזוי רעאל, מיט די הענט אנצוטאפן, איז זיין קאריקאטור אויך.

ביידע זאכן זיינען קאמפליצירטער געווארן אין דער הייניגע קאריקאטור, אגב ניט בלויז אין דער קאריקאטור, נאר אין דער צייכנונג בכלל. דאס שארף־אוסגעדריקטע, דאס פלאסטישע האט אנגעהויבן אויסצוזעהן דערווידער. מ׳האט מורא געקריגן פאר א פאלשן פאפאס, די שארפע עפעקטן זיינען געווארן געשמאקלאז. אום גאר צו פארשטיין אהיינטיגן צייכנער, אלצאיינס איינעם פון אגאנץ יאר, אדער דעם גרויסן צייכנער מיט פרעטענזיעס, דארף מען אפשר דורכנעמען די גארע געשמאקאנטוויקלונג, וואס לאזט זיך פילן זייט די 20 ער יארן, אום זיך קלאר צו מאכן, פארוואס אין דעם הייניגן קונסטבאנעמען ווערט אונז אלס פרעמדער, דערווידער, דער פרט פלאסטיש אליין פאר זיך, אפגעזונדערט אין דעם ארום, וועט מען מוזן אריינציהען אין קאן דעם סאציאלן ראמאן, וואס זאלא האט געשאפן, די טעאריע פון דער סביבה, דעם אפשניט מיט די העלדן און דעם ארויפקום פון די מאסן אין דער ליטעראטור. אום אויסצודרוקן די סביבה, וואס שלייערט מענשן, דאס ״עפיס״, וואס לאזט זיך ניט אנטאפן, שטעלט מען שוין מער ניט קיין שארפע סילועטן אויף א געוויסן פאָן; דער עצם־באגריף פיגור און פאָן איז שוין ניטא מער, די גרעניצן מישן זיך אויס, גיסן זיך צונויף. גאיא, דער מאסנמאלער, האט שוין אייגנטליך געהאט עפיס פון דער אַרט זעהן, וואס מ׳רופט דאס אימפרעסיאניסטיש. אנדערע ווילן דאס היינט שוין אויך האבן בייגעקומען, זיי ווילן האבן א שארפערע צייכנונג, א פעסטערע פארם. פאר אזוינע קינסטלער איז שוין די ליטאגראפיע ניט דאס פאסיגע מיטל; דער האלצשניט און דער קופערשטעך האט אייניגע זייערע צו פארדאנקען א נייע בליצייט. לויט דער טראדיציע, אפילו זעהר א יונגער, געהערן צו דער ליטאגראפיע יענע טאלענטן, וואס דער מינוט־איינדרוק אינם קינסטלערישן איבערלעבן איז בא זיי דאס וויכטיגסטע. די יונגע קינסטלערין אשטייגער, רחל שאליט־מארקוס, האלט די ליטאגראפיע פאר דאס איינציגע פינקטליכע אויסדרוקמיטל, פון אציטעריגן שאטנשימער באווייזן זיך שטילע געשטאלטן, אמאל געשטאלטן, אמאל בלויז א האנט, א צעשפרייטע אומליבע האנט (דאס באאמטנמיידל אין עמיגראנטנביורא), אן אנדער האנט (די אויסגעצערטע האנט פון דער עמיגראנטנפרוי), אשמייכל, א גריי־

מאסע, אשרעקליכער גרימאסנשמייכל, אנדערע פּרטים זיינען דא איבריג, קוים אנגעמערקט, דורכלויפיג פילט איר זיי אויך מיט. אין דער נסיעה צום רבי'ן שוועבט פאר אייך דורך ווי א שאטן דאס אויסגעדארטע פערד, דאס יידישע פערד, הויט און ביין. אמאסנסצענע מיט א נאציאנאלן פארנעם, אזוי ווי אין גאיא'ס אקסנקאמף, נאר פארמינדערט דעם מאסשטאב, דעם פּאפאס, אויסגעשטימט מיטן יידישן פאלקסכאראקטער. דא האט איר א געוויסע צונויפגעפרעסטקייט אין דער קאמ־פּאזיציע: די גרופּע מענשן און דאס פערד מאכן אויס א האלבע ראד; דער בוים ווייזט נאך מער די קיילעכדיגקייט.

א מין פרעסקנאַרט אין דער פלאך. אין די סילועטן־צייכנונגען איז נישט צו זעהן גארנישט פון דער בויגעוועדיג־קייט און רירעוודיגקייט, וואס איר טרעפט בא דאָמיע. די ליניע איז דא שווער, ווי אומבאהאלפן, אבער דערמיט מאכט זי פאר אייך נאך איבערצייגנדיגער די דומפּע שטימונג, וואס זי דארף כאראקטעריזירן. אין די דאזיגע זיטנצייכנונגען איז נישטא גארנישט פון דעם פראנצויז דאָמיע'ס פלאסטישקייט, פון זיין סאטירע, שארף ארויסגעבראכט פארן פארשטאנד. ס'איז אבער ניט דער ביטערער הומאר, דער „תליה־הומאר", וואס מ'האלט אים פאר דעם יידישן הומאר.

די „אומפערזענליכע" מעכאניזירטע ליטאגראפישע טעכניק מיט אירע מענגעס ארויסגעווארפענע עקזעמפלארן, האט אמ־בעסטן געקאנט איבערגעבן די דאזיגע שאפונג, ווייל .... זי האט גארניט צוגעגעבן קיין אייגנס.

ר. ענבר

# לשון הרע

ווינטן קאָמאצן: אָהאָ
און מלופומס: הוהוהו,
שניידן פּאַסעס פון מיין שעה
חמור אייזלען מיט מיין רו.

אָטעמען אין אויער מיר,
פליסטערן מיר שאַ אַ סוד,
אַז צו זינד פירט יעדע טיר,
יעדע טיר אין אונזער שטאָט.

און איך זיץ אזוי באַנאַכט
אין געדאַנקען זיך פאַרטראַכט,
נאָך דעם ערשטן נישט דערטראכט,
נאָך דעם ערשטן נישט דערטראכט.

און זיי בויגן זיך אַראָפּ,
פילן אָן מיין גאנצן קאָפּ
און דערציילן מיר דעם נס,
אַז אַ קיילעכיק מעת לעת
דילדעס בליזנעווען אין רעץ,
בליזנעווען מיט ווילדע קעץ.



און זיי טרייסטן מיך, אַז נאָך
אַף די דילדעס קומט אַ בראָך.
שטאַרבן מוזן אלע דאָך,
טויט געפינט אין יעדער לאָך.

אָפּגענומען הענט און פיס
בין איך פול מיט זייער שטות.
טראַכטן קאָן איך שוין נישט מער,
נאָר איך הער און הער און הער.

אַ פאַרשאָלטענער אַזאַ
צו מיין אומגעבענשטער מי;
רוחות פתחן: כאַ כאַ,
שדים חיריקלאַך: כי כי.

משה ליוושיץ




צום ארטיקל די אנטוויקלונג פון דער מאדערנער גראַפיק·

רחל ש ט-מארקוס· אין עמיגראציאָנס-ציורא·

In the Emigration Office. Lithograph. Rachel Szalit-Marcus.

# דער נעכטן

(צוואנציג יאָר אַש)

פאר צוואנציג יארן, אין ווארשעווער גאסן האט מען געקאָנט זעהן בלאָנקען א לאנגען בחור מיט פייערדיגע אויגן, מיט א יידישער נאז, קרעפטיג און שעמעוודיג ווי א קליין־שטעטלדיגער חתן־יונג. אמאל פארחלומט פאר א גרויסער שפיגל־גלאז מיט ביליגן לוקסוס, אמאל געגלאָצט נאך א פּאַ־ניענטקע מיט א שפילנדיג פיסל און ווייסע שמייכל־ציינדלאך. קאנסקעוואליער געראטענער בחור. אין דער שטילער היים — דער וואויל־לערנער אין דער אלטער קלויז. אבער געפּוצטע קאשקעטלאך מיט האלב־פארשאַרטע פאות האבן מיט רעספּעקט געקוקט אויף דעם פארבארגענעם משכיל: שלינגט סאקאלאווס „דברי־הימים" און האט א קארטל פון „אים אליין". בא בא־גגעניש האט בא מיידלאך ראמאנלייענערינס אויף און אפּ געפּאָכט דער בוזעם: אט דער פארטראכטער בחור, דער יונג און זיידנקינד, וואס „שראַבט" גראמען צי אזוי!

דא אין ווארשע איז ער פוסטריט נאכגעגאנגען דעם יידישן פּריץ מיט גראָבע וואָנסן, מיט דער וואוילערישער פּעלערינע. אין זאקסישן גארטן, צווישן יונגע מיידלאך און זויערע בחורים, האט דער פּריץ געשיט מיט וויץ און בליץ, אויסגעלאכט גאר די גדולים און פארמאסטן זיך מיט א וועלט. דער יונג האט געגאַפּט, קוים געגלויבט, אז דאס איז ער, דער פון די „מקובלים" פון „וועגוס און שולמית", פון די „נייטארינס" און פון „מוסר". ווערט מען רויט ווי א מיידל, ווען יענער ווארפט אַ ווארט צו אים, אדער באפּעלט מיט א ווינק מיט די אויגן: נו, בחור, ארויס מיט די כתבים!

מער האט געשפּאָרנט „מוסר". ס׳האט גערירט און גע־קיצלט. די יידענע — זי שמייסט דאך גאט שטיינער אין די שויבן! און דאס מיידל („די מויד") מיט די שווארצע צעפּ — קנאַקט צוקערלאך און כאפּט בגנבה׳שע קושן!

הייסט דאס: „מ׳מעג"!?

געגאפּט, נאר פרעגן ניט געוואגט, די מורא פארן פּריץ מיטן בייסיגן געלעכטער!

מ׳מעג! אין אראפּ די לאנגע קאַפּאטע, און פאררייסן די אראפּגעלאזטע וויהעס, און דערזעהן מיט נייע אויגן.

קאָנסקעוואָליע האט זיך אריר געטאן. אשטיל־פארפרעסטער יוגנט־ציטער האט אויפגעריסן מיט א אימפּעט פון טרפה׳ין בלוט, מיט א האַק מיט דער פויסט אין טיש: „יאַך ווּעל אַך וואָזן, ארוח אין אַערע ביינאַ אַראַן!"

קאָנסקעוואָליע האט געצערטלט די אידיליע, דער זיסער סענטימענט. די אידיליע האט זיך דא געשפּייזט פון קליין־שטעטלדיגער רחבות, פון דעם געזעצטן לעבענסשטייגער אהן טיפערע סאציאלע און גייסטיגע קאנפליקטן. נאַך מער — פון ת מ י מ ו ת, פון א יוגענטליך וועלטבאנעמען. דא האט נאך יוגנט שפּאצירט אין וואלד, געגאפּט אויף דער לבנה, שטילערהייט געקוויקט זיך מיט שמר׳ס העלדן, מיט ווארשעווער אַקטיאָרן. פרישקייט פון מענשן, וואס האבן אנגעקליבן לייב און באגערן, דער מוח אי בא זיי קוים געעפנט, דאס הארץ ניט גערירט, פול מיט באהאלטענער זאפט און קראפט, ווי דער ערשטער שפּראָץ אויף א יורנדיג פרילינג־פעלד. מיט אזא פרישקייט אין הארץ און אין אויג קוקט קאנסקעוואליע ווי ניי־געבוירן, זעהט ניט קיין קאנפליקטן, אדער פארטראגט זיי ניט לאנג, שטימט זיי אויס אין א פארטרוימטער בייִנקשאפט, אדער קערט זיך אפּ: ווער האט זיי דאס אויסגע־טראכט!

דא איז „גאטס וועלט", חנ׳עוודיגע יונגל - מיידל - ליבע, ס׳בענקט א בלאסע לבנה, א וואלד טרוימט, וואסער סודעט, זאנגען זאגן שירה. אליין דערהערט, בא קיינעם ניט גענומן גרייטס. ס׳זינגט אין הארצן, נאר וואס געעפנט פאר לופט און לוסט, אזוי ווי הינטער פיר אויגן אין שטילן געסל; דער בוים איז מיין פריינט, און ס׳קוועלט צו מיר די זון, און ס׳גלעט מיר דאס ווינטל, און מלאכים שפּילן זיך מיט מיר, און ס׳איז ליב און שיין און זיס!

דאס גענייץ־שטעטל, ציגן אין מארק און שטויב אין קלויז, שווייסעגע בערד און מעוברת׳ע שייטלאך, וועקסענע גערגעלאך און מגושם׳דיגע שמייסערס, — דאס גארע פאַרדומפּטע גע־מויזאכטס האט מיט אמאל געקריגן חן און פארב, באשטראלט מיט זון און מיט טרוים, אזויווי די כלה די יתומה אונטערן חופּה־שלייער בא ברענענדיגע הבדלות און צניעות׳דיגן מיידל־קליידל־טאנץ.

וואס איז דא געשעהן?

דאס האט קאָנסקעוואָליע נאר וואס געעפנט די אויגן, אנ־געהויבן צו זעהן און זייניגע די אויגן געריסן: זעהט און הערט און גאַפּט! א יוגנט מיט א תמימותדיגער פאנטאזיע, מיט אן ערשט־אויפגעוואכט געפיל האט דא בא׳חנט מיט הארץ, מיט בייִנקשאפט זיין קינדערוויגעלע, דער מאמעס פּארטוך, אויפ־ריכטיג, מיט א דיכטערישער התפעלות. א נאאיוו פאסטוך־פייפל פון שעפּסעלאך און פויערש מיידל האט דא געקלונגען ווי א קאנצערט־האַרפע: דאס ערשטע מאל א זוינס געהערט! און מ׳איז געלאפן אויף חידושים, און מ׳האט געשלונגען מיט לעפל א זיסן יוגנט־טרוים, געקוויקט זיך מיטן מַן.

פאר ליטעראטור איז דאס געווען א שטיק אַנטדעקונג: זאל דאס זיין דאס פארווארלאזטע שטעטל, דאס יידישליכע שפּינוועבס? צוויי דורות שרייבער האבן דאס פארהאסט און פארשפּיגן. איצט האט דאַס ווידער מ ע נ ש ל א כ ק י י ט געווינען. דורך גאטס קנעכט און קהל און מארק און מילבן־געלאף האט מען ווידער מ ע נ ש ן דערזעהן, מיט חושים און מיט הארץ, מיט ברען און מיט יוגנטוויי. אזוי ווייט אפּגעשיידט זיינען מיר שוין דערפון געווען! ס׳איז געווען אזוי ניי, אז בערד קושן זיך, אונטער אראפּגעלאזטע ברעמען פלאקערט אפייערל, און לעצטגעפאלענע גייען ארום מיט א קוואל באגייסטערונג אין דער טאָרבע! אַ יום־טוב׳דיגער קאלעקטיוו האט דא א שיין געטאן מיט זיין איניגסטער מענשלאכקייט, אפּגעווישט די וואכעדיגקייט, דעם שטויב פון דורות.

פריש און ניי, גאר נישט דאס וועקסן, פילאזאפיש וועלטל
מיט דער רוחניות־שיינקייט, וואס באַם פריץ. די גרעסטע
קונץ —, וואס אַ חן האט זיך דא אויסגעגאסן אויף לייב און
לעב. עפּיס האט דא אין שטעטל געשמעקט מיט דאָרף,
קערנדיג און קרעפטיג. דא האט געשפּאַרט מיט רחבות, מיט
געמיט באַ לייביגע יידן מיט בערד, וואס האבן מגושם דרך
ארץ פאר תורה און פארן גערגעלע, אזויווי פּויערים פאר דער
סוועטא־מאַריע, און פארקוקן זיך אויף א הויכן בוזעם. אזוי
קאָמיש זעהט דא אויס דאס גערגעלע, מיטן אָטעם אוועקצו־
בלאזן! דא מוז דאס אויך אויסזעהן גופיגער, דער רבי — שטארק
און ברייט, דאס עלוי־יונגל — רויט־באַקיג, און צעפלאָסענע
פאות זיינען דא א שטיק לייב. אבער דער עיקר — דער
וואוילער יונג, דער שמייסער! דאס געיעג נאָך טויבן און
געשלעג מיט שקצים; און מאַרינע, וואס מ׳שינדט זי מיט א
בייטש, און באַם ערשטן ווינק איז זי נאָך אויפן בוידעם! דא
האט שוין געשפּאַרט דער צערייצטער זכר, אשטיק קאָנסקע־
וואָליער פּאַפּאָס.

דער שמייסער — דאס איז א לייבליכער ברודער, א שטיק
אייגנס. ער האט אסך גלגולים; — דאס וויכטיגסטע אבער
בלייבט —, די שטענדיגע אָנגעשטאָלטקייט. דא באנעמט מען
ניט מיטן קאָפּ און מ׳ווארגט זיך מיט א וואָרט: מוסקולן און
גלידער האבן דא די פונקציע צו דיינקען און צו פילן אויך,
צו ארבעטן פארן מוח און פארן הארצן. א געמיש פון סענ־
טימענט און רוי, פון לעצט־פארגרעבט און נאאיווער פאָרכט
פאר גייסטיגקייט, פון מאנסביל און קינד. אזא איינער, צעהרג׳עט
פון גויישע שטעקנס, שפּילט זיך אפּ מיט א טייבעלע, טוליעט דאס
ווי א קינד אין בוזעם און מיטן לעצטן אָטעם פליקט ער דעם אפּ
דאס קעפּל און פאלט טויט אהן א קרעכץ, אזויווי אמדבר־ריז.

אבער מגושם און מאנסביל. דער לאזט זיך הערן און פילן
באַ יעדער געלעגנהייט. באַ נאאיוו־אידילישע שמייסערס
אזוי גוט ווי באַ יענקל שאבשאוויטש. יענקל שאבשא־
וויטשעס יידישקייט איז ריינע עבודה־זרה. די ספר־תורה
איז דא דאסזעלבע, ווי די איקאָנע באַם פּויער. יידישקייט —
איז אנצוטאפּן מיט די הענט —, אנדערש זעהט ער דאס ניט,
באנעמט ניט. אפּגענארט זיך —, איז אויס מיט גאט און אוועק
זיין „תורה״, אזויווי א נעגער ערגיץ אין צענטראל־אפריקע
שמייסט און שליידערט אין אהונגער־יאר דעם הילצערנעם
געץ. די דאזיגע סביבה, אזוי אייגן און פארשטאנדיג, זאל
דאס איצט קומען צום ווארט; דאס, וואס ס׳ווארגט און ס׳אַרט:
ליידנשאפט און געקריינקט געפיל, טרוים און אפּגענארט. דאס
בינדל הייזלאך, גאסנמיידלאך, אַלפאָנסן — דאס איז ניט סתם
איינע א מיגלאכע קאָמבינאציע צו אנטפּלעקן די אנטיטעזע
ריין און פארשוועכט, — אויסצושיילן די דראמע, — טרוים
און אפּגענאַרטע רייניגקייט אין א זינדיגן זומפּ —, דאס איז
די איינציגע רעאלע סיטואציע פאר קאָנסקעוואָליע. ווארום
אלץ מוז דא זיין קערנלייביג, גראב־ממשות, מיט די הענט אנ־
צוטאַפּן, — לעצטגעפאלן ווי הייליג, טיפערע גייסטיגע קאנ־
פליקטן אהן דער רוי־מגושמדיגקייט זכר־נקבה איז דא קיין
רעאליטעט ניט. ווארום מיר שטייען דא באַ א אינסטינקטן־
לעבן, וואס קומט צו ליטעראטור.

שטורמדיגע יארן און שרייבערשער נייגיר וועלן נאך ארויס־
פירן אויף דער וועלט; אין וועג וועט מען זיך טרעפן מיט
„פּראבלעמען״. ס׳וועט נאָך קומען צו א משיח־אידעע („שבתאי־
צבי״), צו אינטעליגענטישע ווייען („מערי״). אבער קאָנסקע־
וואָליע זיצט דא רייטנדיג. דורך אלע גלגולים בלייבט דער
קינסטלערישער קערן גאנץ: די פּויערישע עראָטיק, דער ער,
וואס הורזשעט פאר דער זי, איבערגעוואלטיג און פּרימיטיוו
ווי א ביאָלאָגיש געזעץ. ווייכער, פארטרוימטער אין דער קאָמ־
בינאציע נקבה־תורה (שרה־שבתאי־צבי). קבלה דארף קיין ערא־
טיק ניט אויסלייען (און דא האט מען שוין באַ פרץ׳ן עפּיס
געקאנט געפונען). אבער דאס פיינסטע עראָטיש־מיסטישע
געוועב אין אזא אנגעצויגן־גייסטיגן משיח־ברען האבן געמוזט
צוימען אפילו דעם ווילדסטן נאטוראליסט. שרה מיט דער
תורה אין האנט קאן ניט עפענען ס׳מויל אזויווי אַמאַרינע;
געשליפענע רעטאָריק מוז דא רעספּעקטירן דאס עסטעטישע
וואוילגעהער.

אבער שוין באַ מערין פּלאצט דאס. נאך לאנגע לאנג־
וויילעגע וואגלענישן אין אנעץ פון דריי דרעטלאך קומט מען
ווידער צום זכר־נקבה־פּרימיטיוו, צום ניהיליסט דעם מאלער
באַ דער פּויערטע אין שויס; און דאס קינסטלערישע זאקאָ־
פּאניע וועט אייך אנטפּלעקן א בילד פון א וואלד־דאָרף באַם
ווייכסל אין א שכורער וואַנדע־נאכט. עסטעטן וועלן זיך פּאָרן,
ווי דער ער מיט דער זי הינטער אן אויסגעשטערנטן הימל,
און מערי וועט דא אין דער לייב־אָרגיע זוכען אַן אויסלייז
פּאַר דעם וואגלדיגן גייסט.

דער זכר צוערשט, פארכלינעט מיט זכר. און זאל זיין
אפילו אזא יידישער ייד, אזוי ארבע־כנפות׳דיג, ווי ר׳ שלמה
נגיד. שוין ברענט אין אים, נאך איידער ער איז צום נסיון
געקומען; און ער דעמאנט דאס שוין גאט אין תפלה־לדרך.
און באלד, באַם ערשטן קער איז שוין די נעץ פאר אים אָפן.
די שטילע בעל־הבית׳ישע טאָכטער אין גאסטהויז ווערט דא
מיט א מאל אזוי פארפירעריש, אזוי נקבה׳ש אנטבלויזט פון
מיידל־צניעות, אז איר שטוינט און מוזט אנהויבן צו קלערן,
ניט אנדערש א גאטזאך, דער ס׳ מ׳ אליין שטעקט דא אין
שפּיל, אונטערגעשטעלט לילית׳ן צו שטרויכלען א גאטס־
פארכטיגע נשמה. דאס מאל זאל דער יצר־טוב האבן איבער־
געשפּארט. אזינד קעגן דער קינסטלערישער זכר־טראדיציע.
דערפאר אבער נישט פארוויקלט אכשר בילד, א גלאטע זאָק־
ארבעט אין קיין נייעם געפערליכן פלאָנטער. ווער ווייסט,
ווי דאס וואלט נאך אויסגעזעהן!

אבער דער גארער עפּיזאָד, וואס ריין־קאנסטרוקטיוו שפּאַרט
ער ארויס אזוי פרטים׳דיק און איבעריג פון א וויטער פער־
ספּעקטיוו אין א לעבנססיסטעם פון א פרומעם דור, אזויווי
א פליג אויף א פייזאזש, — וואס פאר אן אנצוהערעניש פארן
מאלערס אויג פאר מענש־און־וועלט־באנעמען!

אין 20 יאר ארום ווי גאר ביים אנהויב! נאך אלע וואג־
לענישן און פּראבלעמען קומט קאָנסקעוואליע ווידער צום
שמייסער, צו „מאָטקע גנב״, צום פארצאפּלטן ער. א ייִנגל־
א קינד ווערט מיט אמאל פארברעכעריש־רייף (אין העלן טאג
אין פרייעם פעלד), פּרעסט זיך איין מיט זכר אין אומרייף
מיידלקינד, אין אלע קעמערלאך פון איר וועזן, אזויווי א
ווירבלשטויב צעגליט זאמד (דאס זאל זיין אנקמה דער גוטער
געזעלשאפט פאר אירע סאציאלע זינד). א געשיכטע פון
מעסער־יונגען, נקבות, אלפאָנסן, פארקויפטע טענצערינס,

זשאַנדארן — א גאסן־קנויל תאוה־לייב, רינשטאק־לופט, לאנג־ווייליגן ברוד, — ערנסט און ניכטער; קורץ, יענקל שאבשאוויטשעס הייזל צעהן מאל אזוי גרויס, נאר שוין אהן א ספר־תורה.

איז דאס א התגלות פון לייב, א מאניפעסטאציע פון דער מאטעריע קעגן גייסט? אזוי האט דאס דער שרייבער אליין געוואלט האבן, געטייטלט און צעקייט ווי א פסוק. א פילאזאפיע געמאכט פון דער ערד („מוטער־ערד", געוויינטלאך), פארריסן קעגן הימל. א קאָנסקעוואַליער מליצה! ווארום לייב איז דא דער גולם, נישט די באשמעקטע מאטעריע; שטאַלקולטור, נישט די צעשטראלטע מענערישקייט. א נאטור־געשיכטע פון אינסטינקטן, פון פיזיאלאגישע געזעצן — ווערט נאך נישט קיין אנטפלעקונג פאר עסטעטיק און מאראל. ווארום די ערד איז דאָ שטויב, אסטיכיע וואכעדיגקייט, ווי הונגער און קנאָבל־ברויט, קוים זעהט מען דערפון דאס מענשלאכע ארויס. זאל דאס זיין דער אידעאל, דער צוועק, דאס גראב און בלויז? זאל דאס זיין דער מוסר פון אנייער זאַקאָפּאַניער עסטעטיק?

דא איז לייב צום באוואוסט ניט געקומען, און ווען יאָ, אזוי באנעמט מען דאס פאר דער עלעמענטארער „אויסגעלאסנקייט", נישט פאר דער געלייטערטער מאטעריע, וואס זוכט אויסצושטימען אין זיך ווייטערע קאנפליקטן. איין ריר מיטן פינגער צעפאלט דא די גארע ערד־מאראל אין שטויב. דא איז מען צו גייסט נאך נישט געקומען. פארשפּאָרט מען שוין בייצוקומען. קאָנסקעוואליער שמייסערס, וואויל־יונגען, יאטישע טעכטער וואלטן ערנסט געגאפט, מ׳זאל זיי אזוינס פירברייגנען.

נישט בלויז אויף לייב; אויף שאנד איז מען זיך דא נישט קלאר. מ׳איז טויב און טעמפּ פאר געפאלנקייט און פארקנעכטקייט. ס׳איז א שיינער זשעסט, וואס הייזלמיידלאך (אין „גאט פון נקמה") ווייזן זיך אין זייער מענשלאך געשטאלט, מיט וואכענדיגע לייד־פרייד, געניסן אזומער־רעגן אַזויווי שפּילנדיגע קינדער, נישט קיין דראמאטיזירטע קוקלעס צו פילאזאפירן. אבער ווען נישט מער ווי דאס, ווען קיין שפור געקריינקט געפיל, קיין צאָרן, קיין וויי, (פון דער סיטואציע, נישט פון זייער מויל), — איז דאס א שלעכטער סימן פאר דער „מוטער־ערד", פאר דעם באפרייטן לייב. ווארום ווען איז נאך לייב אזוי פארשוועכט פארקנעכט געווארן, ווי דא!

איין פרט: ווי די פרוי איז דא פּאסיוו! זי שטייט ווי אן אפענע טיר און ווארט. דער מאנסביל נעמט זי ווי אזאך, און גיט איר גאר נישט, ווי אין אַ אָריענטאלישן האַרעם.

קאנסקעוואָליער פריי איז א ביטער גענאר. דא איז מען נאך נישט ארויס פון פיזיאלאגיע, אזוי ווי דאס קינד אין מוטערס טראכט. באַם ערשטן קאנפליקט מיטן פארשטאנד — זיינען זיי קנעכט באַם בעל־הבית׳ישן עטיקעט. דאס איז אידעאל און מאראל פון „גאט פון נקמה": אמיידל־א ספר־תורה קעגן דעם הייזל־מיידל. זינדיג בלוט קאן זיך קיין מאל נישט אויסלייטערן, אין צווייטן גליד אויך נישט, און גאט שטראפט קינדער פאר זינד פון פאטערס. צוויי ווערטער צו דערמאנען אהייזל־חתן שלמה׳ן וועגן זיין בעל־הבית׳ישן יחוס, — אזוי ווערט ער גוט און פרום און פינטעלט שוין מיט די אויגן אזוי־ווי א יידענע צום ונתנה־תוקף. נישטא גרינגער ווי צו פירן אזא איינעם א „הפקר־יונג" אויף א צוקער־שטריקל לייטישקייט, ער זאל זיך שלאגן „חטאתי". פעסט, אויף דער עלטער איז דאס זיכערע קאנדידאטן פאר גבאי׳טעס און תהילים־זאגער!

מערי׳ס „מ׳מעג שוין" — איז א פארצווייפלטע קארט אין א פארשפילטן קאן. און ר׳ שלמה נגיד׳ס קאנפליקט פאר דעם צעשפילעטן מיידל־בוזעם באַ דער צוואָג־שיסל, דאס איז דער קלאַסיש־יידישלאכער שטרייט יצר־הרע־יצר־טוב, און דאס קוילער־געסל בלייבט געטריי דעם „שבט־מוסר".

קורץ, — נישט די ערד האט זיך דא פארמאסטן קעגן הימל, בייגעקומען געוויס נישט; נישט לייב האט זיך דא באפרייט פון דער בעל־הבית׳ישער צניעות־צביעות־מאראל. נישט מער, מ׳קאן נישט ביישטיין, און דער „יצר־טוב" שלומערט נאך און זינדיגן יוגנט־לייב. שטיפעריי! באַם ערשטן שנאָל וועט ער, דער יצר־טוב, ארויס ברייטלאך אויבן־אן אין שוך און זאקן און ווערן דער וועג־ווייזער.

בלייבט פונם גארן נצחון ערד איבער הימל — א הומארעסקע, א פעליעטאן־שטיק פון דער פויערטע מיט דער יידענע דער שכנה. געטער קריגן זיך דא באַ ליכט־בענשן און באַצלמ׳ן זיך, און זיי, מענשן־קינדער, מאכן שלום צווישן געטער: טיילן זיך שכניש מיט א ביסן און מיט אַלטמיילערישער פלאפלעריי.

ערד און לייב, דאס איז די טויז באַ א ליטעראטור — אַן אנהויב. קאָנסקעוואליער פרימיטיוו קינסטלעריש געשליירט, עפנט זיך דא א טיר צו ליטעראטור, וויל צוקומען צו א וועלט, וואס דענקט און פילט מיט מאטעריעלע פאָרמען און בילדער. מיר האבן שוין געזעהן, ווי אזוי דאס איז געטאן געווארן. וואס איז חוץ דעם? וואס נאך געהערט דא צו א וועלטס מאראליש, עסטעטיש פארמעגן, צו קינסטלערישע צוועקן און וועגן?

צו דער צייט, ווען איינינע אונזערע „יונגע", איצט שוין „קלאסיקער", האבן זיך אויסגעפיקט פון פרץ׳ס נעסט, האט זיך באַ אונז דערוועקט דער פאלקיזם, אמין רוסישע „נאַראָדניטשעסטווא" נאר אין א עסטעטיש־מאראלישן שטייגער. דער ערשטער אינסטינקטיווער קער פון אן אויפגעוואכטער אינטעליגענץ־אנהויבער צו געפונען דעם שורש, זיך גופא געפונען, א ליניע, פאר סטיל און אייגנס אין א סביבה פרעמדער קולטור און אידעאלן. פרץ, דער ווייטסטער אנזאגער, האט דא ווי אלע־מאל דעם וועג געוויזן. זיינע „פאלקסטימלאכע געשיכטן" זיינען געווארן אַמין מאדערנע ביבל באַ דער יוגנט, לייענער ווי שרייבער. אבער פרץ האט דאס מענשליכע געזוכט, נישט דאס יידישלאכע; דעם קוואל, ניט דאס שטייוואסער. דער גארער צויבער פון פרץ׳ס פאלקסהעלדן איז דער, וואס ער האט אין זיי אנטפלעקט די טיפע מענשליכקייט. ארויסגעצויגן פון דער אומעסטעטישער יידישער שאלעכץ, וואס האט זיי פארשטעלט פאר א וועלט, פאר אונזער אייגן אינטעליגענטיש אויג, און דעם העכסטן מאראלישן תוך אנטפלעקט, פערזענליכקייט אויסגעשיילט און זיי קינסטלעריש־פעהיג געמאכט, אזוינס וואס זאל נעמען, באגייסטערן.

נישט קיין נסים, נישט קיין מצוות! גערירט האט דא נשמה־ליכט, געקריינקטקייט און פאראנטווארטונג פאר א וועלט־סדר, שטארקער אין־זיך־גייסט, ליבשאפט, פלאמנדיג גלויבן. העכער פארן הימל איז די ערד באַם נעמיראווער, און א בינטל האלץ פאר א קראנק־עלנדער פרוי איז פריהער פאר סליחות. אפילו אין דעם יידן, וואס איז זיך מפקיר פאר א זעקל ארץ־ישראל־ערד, צאפלט אידעאליזם: עפּעס פארמאגט דער וואכעדיגער סוחר געהויבן־מענשליכעס, אזוינס, וואס איז אים וויכטיגער פאר גאָלד, פארן לעבן.

פון אזא חדר ארויס, און באַ דער אלטער שטעטל־טראדיציע אין אונזער ליטעראטור, איז געווען נאטירליך, אז דער יונגער זאל צום שטעטל צוריקקומען, נאר שוין מיט אניי אויג, מיט אניי־געוואונענער קינסטלערישער מאס. דער עולם־הזה׳דיגער, דורך־און־דורך לעבמענש, רייף געווארן שוין אונטער פרץ׳ס ליטעראַרישע פליגל, נישט באַ דעם ספר־יאָך, האט פארמאגט א שליסל צו דעם ערדישן אין שטעטל. דא איז ער אויפן פערד. די טראדיציע פונם וויכסל, פוילערישע מאלערישקייט, א לעגענדע פון קאזימירס אסתר׳קע — האט דא ארויסגעבראכט דאס קערנדיגסטע, דאס זאפטיגסטע: פייזאזש, גראציע און מענערישקייט, יוסטינע׳ן (אין "משיח׳ס צייטן"), פלאסטישע ביבלישע בילדער. דארפישע פרישקייט און יוגנטלאכע פארליבטקייט (אלצאיינס אין וואס) האט דא באשיינט א פארווארפענעם שטייגער, געוויזן עפעס מער ווי דאס וואכעדיגע אויג האט געזעהן, אנדערע אוועג געוויזן. א גאנצע ליטעראַרישע שול איז באשאפן געווארן: ווייסענבערג איז דא די שטארקסטע זייל.

א נאטירליכער געזונטער אנהויב, א זויווי די ערשטע יינגל־ליבע, וואס מ׳דארף דערפון ארויסוואקסן. פון דאנען האט געזאלט ערגיץ וואוהין א וועג פירן. צי קאן מען לעבן און וואקסן מיט יענעם שטייגער, אין יענע ד׳ אמות? אזויווי מ׳קאן נישט בלייבן באַ דער בייטש און באַ דער קאפאטע. ערגיץ האט דא געזאלט אוועג פירן צו א וועלט מיט א שטארקן לעבנס־אימפעט, מיט אויסגעוואקסענע אינדיווידועלע ליידנשאפטן, סאציאלע קאנפליקטן, קולטור־דראמאטיזם. דאס שטילע ווינקל האט געהאלטן אין איין זונקען, די שטאט האט באַ דעם אויסגעזויגן דאס שטארקסטע, דאס וואכסטע, דאס איבערגעמאלן אויף אירע מילשטיינער. צוריק אומגעקערט א יוירונגס־שטאף, וואס האט געשפילט, צעמישט דאס שטייענדיג וואסער, אבער געלייטערט אויך. פאר אונזערע אויגן האט זיך דאס געביטן. שטעטל האט פארלוירן סטיל. די תקיפות געבראכן, — און ס׳פעלט שוין דעם שטייגער די איניווייניגסטע זיכערקייט, צי לעבט ער שוין גאר אויף זיין וועלט. די רעוואלוציע (1905) אין אירע נאכווייען האבן געבראכן, איבערגעקערט. דער נעכטן איז מיט אמאל געווארן פארגאנגנהייט. די יוגנט איז געשטאנען א געבראכענע פאר א נייער וועלט, אבער שוין באפרייט קעגן א שטיק אייגענער געשיכטע. דאס נייע, דאס מענשליכע, האט געפייניגט און געפרייט. די וועלט האט אונז אנגעהויבן מער אָנצוקערן, איידער די פארדומפענע היים. די היים האט דאס געמוזט מיטמאכן, אויף איר שטייגער. דער ייד האט זיך אנגעהויבן עמאַנסיפירן פון יידישקייט, דערווייל נאך בגנבה, פאר זיך, ניט פארן כלל, געשטעלט נאך יארצייט־ליכט און געגעבן א נדבה אויף תלמוד־תורה. צוזאמען מיט אניי־מאדיש מעבלשטיק האט זיך דא פארגנב׳עט אין הויז אניי מעשה־ביכל, עפעס פון דער וועלט, דערווייל נאך אהן א סטיל, אזויווי אין א אויקציאן־געשעפט. מ׳איז פאקטיש איבערגעוואקסן, ארויס פון שטעטל, נאך מער פון דעמס השגות, געלאזט הינטער זיך א פארגליווערט שטיק געטאָ, א שאטן געשיכטע. דוד בערגעלסאָן האט געפרובט עפנען א פענסטער, האט א זעץ געטאן מיט פוסט, אומעט און מאוס, אז ס׳איז קאַלט און זויער געווארן („ארום וואגזאל"). ער איז געקומען פון זיך, פון א פיינערער עסטעטישער, מאראלישער קולטור, מיט רעוואלוציע הינטער זיך, — איז זיין ווערק א מצבה געווארן, אפלאָקן אויף אן אָפגעבארעטער וועלט, וואס מענשלט זיך און ווערטלט זיך נאך.

האט דא ליטעראטור, טאלענט און גייסט, די ערשטע געזאלט דאס ווייזן, א טיר עפענען, אוועג זוכן. קאן מען דען דא בלייבן אין דער גייסטיגער געטאָ? קורץ — פון שטייגער האט מען דא געזאלט צו קולטור קומען. ס׳האט געקאנט דוכטן, אז דאס געשעט אויך. ס׳איז געווען א פרוב צו באנעמען וועלטגעשעהענישן, פערזענליכקייט, מענש־און־גייסט־פראבלעמען. אבער באלד האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דא אויף נייע וועגן, איז מען עלנט פרעמד, מ׳שטייט אין א ווינקעלע ווי ארעם אויף א נגידישער חתונה, אדער מ׳ברעכט מיט עלנבויגנס גבירישע פארצעליי. האט מען דערזעהן מיט א פרעמד אויג אויסערליכע אינטעליגענטישע שטיק, צייט־גרימאסן בא צופעליגע באגעגענישן אין א שטורמישער תקופה, וואס האט אנגעוואוירן סטיל („מערי"). סצענע־ערפאלג (א קאפריז פון א נערוועזער צייט פאר עקזאטיק און פרימיטיוו), רעשיגע טאג־זעהונגען און א נייגיריג אויג האבן נעבייטשט צו שפאנען אויף הויכע שטאפלס. איז מען געשפרונגען וואוילעריש איבער דריי מיט אמאל. וואו איז דא וואוקס, וואו שטאלצן? איז דאס גארע אינטעליגענץ־וועזן געווארן א לאנגווייליגער קנויל צעקראכענע באַגערן, אהן א טיפערן ווייי, אהן א ווייטערן אויסקוק אפילו, א שפיל פון לאנגווייל מיט נישט; און מ׳נעמט דאס ערנסט, אזויווי דער אויפגעקומענער באקומט צוערשט רעספעקט פאר אריסטאקראטישער קולטור פון פירן דאס געפּעסטעטע הינטל אויף דער שנור.

איז פון דער מאראלישער, רעליגיעזער פראבלעם יענקל שאבשאוויטשעס זינד־און שטראף־באנעמען געווארן, נייקאָנסקעוואָליער איוב, און אכראניק פון שבתאי־צבי מיט געטאקטע ביכער־רייד, וואס האבן קוים די נייגיריגקייט געוועקט.

ווארום בעצם איז מען געבליבן באם וויגעלע, באַם אנהויב. דער בעסטער סימן? ווי גיך מ׳האט זיך פון דעם נייעם, פראבלעמאטישן, אפגעטרייסלט! דארטן צו דער היים איז געוועזן דער וועג אויסגעטראטן, און מ׳האט זיך דארטן געקאנט באנעמען היימיש, געמיטליך. איז ווידער דער שמייסער, אין אנייעם גלגול. אינם גאלדענעם לאנד האט ער זיך ארויפגעארבעט, געקריגן אויף א מינוט אמביציע צו דער „גוטער געזעלשאפט", און א פראל צוריק צום שורש, צום היימיש־פראסטן מיידל, ווייל אזוי, אין די העמד אַרבל, איז געמיטליכער, איידער אין פארקנעפלטן גיי־ראָק („דער לאנדסמאן"). אדער די אויסגעשפילטע אמביציע, — דער אויפגעקומענער מגושם, וואס קויפט אפּ דאס ביסל אַדל, אזויווי סטיל־מעבל אויף אן אויקציאן. דער געבראכענער יחוס קאפיטולירט פארן משרת און גייט צו אים אויף קעסט („יחוס"). קאנסקעוואליע איז אויבן־אויף.

בלויז דאס קאנסערוואטיווע, דאס אלטגעבאקענע, נישט דאס אומרוהיגע, נישט דאס שפּראָצנדיגע. נישט וואס דער שמייסער און דער שיינער ייד, נאר דער ערנסט, ווי אזוי מ׳באנעמט זיי! דער משרת דארף גובר זיין דעם יחוס; — א טראגעדיע האט דא טשעכאוו אויסגעטראכט. ווארום גבורה און רויבער־אפעטיטן דארפן איינשלינגען געשליפענע נעגל




גאוואַרני. פאַריזער סטודענט. צום אַרטיקל די אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער גראַפיק.

"He studies Medecine." From the series: Paris students. Lithograph. P. Gavarni.

און עסטעטישע מאראל. דרך־ארץ פאר ר׳ שלמה נגיד! — ווארום אטאַש קליינגעלט פאר אביונים און גמילת־חסדים גרויס־געלט פאר קבצנים! אפשיי פאר בעל־הבית׳ישן עטיקעט און מצוות־מאראל. ערנסט און מיטן גאנצן האַרצן. נישט קיין קריטיש אויג, נישט קיין שפור איראניע.

דערזעהט מען יא דאס נייע, — אזוי איז דאס דאס צעבראכענע קאנסקעוואליע, נישט דאס אויסגעוואקסענע. צעפרעסן לייב, נישט און גאַס, אדער געבראכענע געמיטער — די גארע גאלעריי פארשוינען, פון שלמה׳ן ביז מאָטקע גנב. אזוי רעכענט זיך אפ די היים מיט אירע אפטריניגע.

גאנץ גלאט איז דאס אבער נישט. צוואנציג יאר איז נישט בלויז איין גלייכע קינסטלערישע שנור. עפּיס איז דאך געשעהן. תמימות, פרישקייט און פארליבטקייט האבן זיך מיט דער צייט געפּעלט. יארן און שטאט האבן זייערס געטאן, צעפרעסן די פארטרוימטקייט, אפּגעווישט די יוגנט־פארב, קיין נייע באַגייסטערונג אבער פון דארט נישט גענומען. צייטונגס־שטיק־ארבעט האבן אזוינס זיכער נישט געקאנט אויפטאן. איז געבליבן ליטעראַרישקייט, שרייבער־טאלענט, וואס איז געווארן סאליד. פּאָעטישער חן, זאפטיגע מאלערישקייט, וואס האבן אונז זיינצייט א נייעס אנטפלעקט, האט זיך אויסגעוועפּט. בעל־הבית׳ישער שטייגער און דראמע זיינען הויל און בלויז געווארן. פון קינסטלערישער אינטואיציע — איז געווארן ליטעראַרישע מאניר, קאָנסערוואַטיווע באשרייבונגס־מעטאדע. נישט וואס רעאליזם, — נאר ר ע א ל י ז ם  פ ו ן  מ י ל ב ע ן־ש ט ײ ג ע ר.

וועמען און ווי לאנג קאן דאס אנגיין? גיט נאך ווען אמאל טאלענט א ברען, אזויווי א גרוס פון יוגענט־יארן, איז ווערט עפּיס מער, עפּיס באגייסטערטער. אבער קונסט איז נישט די־יענע געראָטענע שטיק. קונסט איז אַ ו ו ע ג. דער וועג איז דא אבער פון און צו דער פארשטויבטער היים. אימער און ווידער זינקט מען אין וואכעדיגקייט. אַ סטיל פון סטיל־לאָזיגקייט. „מאָטקע גנב״, א צייטונגס־ראָמאן, א שטיק קרימינעלע כראניק אויף דער גרעניץ ליטעראַטור, — זאל דאס זיין דער וואוקס, נאך דעם זיס־אידילישן שטעטל אפילו? האט דאך יענץ וויינינגסטנס געשטראלט מיט שרייבערישער פרישקייט, מיט יוגנט־התפעלות!

ס׳איז געשעהן, וואס מיט אסך אונזערע „יונגע״, איצט שוין סאָליד און געקנייטשט פאר דער צייט: ס׳האט געפעלט קולטור! פון דעם טיפן דעק שטראַמט אונזער ביסל אייגנס, פון די נידערגעשטעלטע, וואס אונזערע שרייבער האבן אפטמאל מיט טאלענט, מיט הארץ געמאלט, ארויסגעהויבן פון דערנידער, פון פארשוויגן און פארגעסן. דא האט אפט געשפּאַרט מיט טאלענט, מיט עמאציעס, אזוי ווי א פארשוויגענער ליבע־אויסזאג; אבער ניט קיין קולטור, קיין וויסן און קיין געשמאק. ס׳איז נישט די סביבה, נישט דער פארנעם, וואס זאלן דעם טאלענט אויפציהען, פַּיילן, פשוט א ברייטערע וועלט ווייזן. ווארגט מען זיך אין די ד׳ אמות. שפּראצט ארויס א טאלענט, אן אנהויבער, אן אנזאג, מאכן מיר די גרויסע וואַרע און דערלאנגען אים א קרוין. צו דער צייט, ווען ער דארף וואקסן און באוואקסן מיט וועלט און מענש, שטייט ער שוין, דאס לערניינגל, — א מייסטער, א געזאלבטער אויף א מילבן־הויפן. און איינער נעמט דאס ערנסט. וואס האט ער נאך צו זוכן, און וואו צו געפינען?

ס׳איז ענג באַ אונז און לופט פארפעלט. א וועלט האט אונז איבערגעיאגט מיט פייערדיגע רייטוואגנס. שטייען מיר הינטערשטעליג און האלטן זיך שטארק פאר אונזערע בעסטע לויפערס, און זיי פאר אונז.

ס׳איז אן אלטע געשיכטע. נישט איינער איז מיד און פארצווייפלט אנהויב שפּאַנען געבליבן. אנדערע האבן זיך גארנישט פארמאסטן.

דעם אנהויב זיינען מיר דאך איבערגעוואקסן. נישט בלויז אין טרוימען, און ווייטקוקן, נישט בלויז פון צוזעהן באַ פרעמדע טישן. עפּיס איז געשעהן באַ אונז אויך. א נס, אדער אויסגעוואקסן! דער קוואל האט שוין געריסן לענגער. נאך דער ערשטער שטופּע ליטעראַרישקייט האט געמוזט קומען ליטעראַטור, קינסטלערישע רייפקייט. דער נייער שטראם, וואס האט איבערגעקערט דעם גארן אלטפרענקישן שטייגער, האט געמוזט פארנעמען אונזער קינסטלעריש נייס, וואס איז נאך נישט געוועזן געקרוינט און האט ערשט געקאנט עפּיס געפונען און געווינען. אנשטאט מאָדעל־ארבייט זאל קומען דער פון־זיך, ממעמקים. גראד די לעצטע יארן ערדציטערניש און חורבן האט דאס אשפּאר געטאן מיט דער גארער יוגנטליכער קראפט. יונגערע און טאלענטן, שוין געהאט פאר זיך די געקרוינטע און זייער ליטעראַרישן וועג, האבן זיך א הויב געטאן און אונז אשפּאַר געטאן, א מענגע פּאָעטישע באגריפן און געוואוינהייטן איבערגעקערט. און דאס ערשטע איז דא געוועזן, אז דאס אלטע איז אלט, דער צוועק (עסטעטישער פאלקיזם) ווי דער וועג (ראמאנטיזירטער רעאליזם). זאל דארויף רוהען דער אפשיי פאר מוזייען און אנטיקן, אבער זאלן אונז שאטנס ניט שטיין אין וועג אין מיטן העלן טאג. מיר וועלן דערפון אַרויסהויבן דאס מענשליכע, דאס אייביגע, מיט א קריטיש אויג און גיין אקעגן מארגן, זוכן אוועג צו וועלט, צו מענש. בא אונזער ארמקייט איז שוין אזא פראגראם א שטיק געווינס. אנייער דור איז אויפגעשטאנען; ער ציהט דעם פאדים פון רעוואלוציע און ליטעראַטור, נישט פון נעכטן, נישט פון קאמף פאר ליטעראַטור. איז שוין זיי קלאר, וואוהין אומקולטור פירט, און צי איז זיי באשערט נישט צו בלייבן שטעקן אין מיטן וועג? דערווייל אבער האבן זיי אונז פונם קוילערגעסל אויף א וועג ארויסגעפירט. דער נייער יידישער ראמאן, די נייע יידישע ליריק איז שוין מער ווי א צוזאג: טאלענט און פיינקייט, קינסטלערישע קולטור. זיי האבען אונז אנגעשטעקט מיט זייער מוט און אונז אפגעקערט פונם נעכטן.

ווארום דאס רעאליסטישע קאנסקעוואליע, און אלץ וואס דערמיט, א גאנצע תקופה יידישע ליטעראַטור, איז — נעכטן. נעכטן, וואס האט שוין קיין היינט נישט. שוין אונטערגעפירט דעם סך־הכל און געמאכט דעם שטריך. א נייע שטיק איז צוגעקומען דעם יידישן קלאסיציזם; און מיר קוקן שוין דארויף מיט אויג געשיכטע. מעג מען שוין אין ווארשע קרוינען דעם יונגן קלאסיקער. שוין צייט!

בעל דמיון

# מאקס ליבערמאן

צו דעם 75טען געבורטסטאג

ראַטענוי דערציילט (אין זיינע געזאמעלטע שריפטן, 4 באַנד, מאַקס ליבערמאַן, 1918), אז א מאָל אין אַן אָוונט איז אים אויסגעקומען צו זיצן בא ליבערמאַנען אין ארבעטס־צימער, וואס געפינט זיך נעבן דעם בראַנדענבורגער טויער אין קוקט אַרויס ווייט איבער דעם טירגאָרטן.

ליבערמאן האָט אָנגעשריבן א מאמר וועגן איזראַעלס, האט אים פארגעליינט פאר ראַטענוי אין געוואָלט הערן, וואס ער וועט זאָגן. אז ראַטענוי האט געהערט דעם מאמר, האט ער זיך אָנגערופן: „אַן אַנטיק, אבער איך האב די גאַנצע צייט געווארט אויף איין וואָרט און איך האב דאס וואָרט נישט געהערט".

דאס וואָרט, וואָס ראַטענויען האָט געפעלט אין ליבערמאַנס מאמר, איז געווען: געמיט.

ליבערמאַן האָט תמיד געשפירט א פחד פאר געפילבעטאָנטע ווערטער, פאַר אַ סופערלאַטיוו בכלל. פאַר שטארקע פארבן אויך. מסתמא האט ער געהאלטן אַ זון־אונטערגאנג פאַר צו שאַרף און איבערהויפט פאר אַ זאך אָן אַ טעם (בלתי ספק, אז פאר אַ זאַך אָן אַ טעם). פאַרשטייט זיך, אז די אַזוי גערופענע „אויסדרוקספולע" געזיכטער, כאַראַקטער־קעפּ און דראַמאַטישע בילדער זיינען אים געווען אומסימפּאַטיש.

ראַטענוי זאָגט אבער (און אין די דאָזיגע ווערטער איז דא אַ התראה) אז „אויך הינטער דעם ביליגן און פאַלשן געפיל ווערט נאָר אויף אַ קוצו של יוד געספק׳ט אין דאָס אמת׳ע און אין דאס מענשליכע, אַנטשטייט דערפון סקעפּטיציזם, וואס פארגליווערט די גאנצע קונסט און דעם גאנצן לעבן".

ליבערמאן באַנוגט זיך מיט אַ לפי־ערך׳דיגער זעאונג. ער לאָזט זיך קיינמאָל נישט אַריין אין קיין פרטים. ער רירט נישט אָן. ער רעפּראָדוצירט נישט דאָס פיינע געוועב פון די קעמערלאַך פון דעם יש. די וועלט וואָס ער מאָלט, איז גאָר כמעט קיין קערפער ניט. אפשר הייגט דאס צוזאמען מיט דער ווייטזיכטיגקייט פון דעם קינסטלער, וואָס ער האט שוין געהאט פון פרי אָן. אַזוי האט מען געפּרובט צו דערקלערן דעם אייגנארטיגן פארדרייען אין אויסשפּרייטן פון על־גרעקאָס בילדער, אַ מאָלער וואס האט געמאלט אין שפּאניען אין דעם 16 יאָרהונדערט און וואס איז נאָך עד היום פאַר פולען מער ווי דער בארימטער וועלאַסקעז, דורך אַן אויגן־פעלער. עס וואָלט אבער געווען אַ טעות צו דערקלערן די אייגנאַרט פון אַ קינסטלער מיט דער באַשאַפנקייט פון זיין פיזישן אויג, און נאָר מיט דעם אליין. עס איז קיין פראגע ניט, אַז דאָס וויכטיגסטע איז דער פסיכישער מאָמענט און דאָס קאָן מען נאָר אַנאַליזירן אויפן סמך פון אַ ברייטן ביאָגראפישן מאטעריאל.

אגב פירט שוין אַן אויבנאויפיגער קוק אין ליבערמאַנס שאַפן צו אַ באַדייטנדיגער אַנטדעקונג. מען זעט בחוש, אַז ליבערמאַנס גלייכגילטיגקייט פאר דאס נאָהנטע, פאר דאס איינצעלנע, דאס פערזענליכע, אַז זיין קאַלטקייט פאר דאָס איבערלעבן פון איינעם אַ גאנץ באשטימטן מענטשן, אַז אָט די דאָזיגע קאלטבלוטיגקייט ציט די יניקה פון דעם ווידער־ווילן, פון דעם אומצוטרוי, וואָס ער האָט געשפּירט בנוגע דעם מענטשן פון זיין קלאס, פון דעם העכערן מיטלשטאנד. פון דער אָפּשטויסונג צו די נאָהנטע מיטמענטשן ווענדעט זיך זיין בליק צו דער ווייטקייט און אָפטמאָל שווערן וועג, אויף וועלכן עס הייבט אָן גיין דער קינסטלער, וואס שטייט אין סכסוך מיט זיין סביבה, געפינט ער דאָס לאַנד פון זיינע חלומות... האָלאַנד. דער האָלענדישער פּויער, דער ארבעטער, דער האַנדווערקער, די פרוי, דאָס קינד, אָט די דאָזיגע מענטשן דוקא דערפאר, ווייל זיי זיינען פרעמד, נישט אויסצופאָרשן, נישט צו דערגרייכן, ווייל זיי רייצן נישט און ערגערן נישט אויף, אָט די דאָזיגע מענטשן קומען אים אויס פאר אַן עסטעטישן יקר המציאות. צוליב אַזוינע מאָטיוון אַן ערך, האט דער האָלענדער וואַן־גאָג פאַרביטן זיין היימאט מיט דער פּראָווינצאלישער לאנדשאפט. דער חילוק איז אין דעם, וואס דער נאָרדלענדער דאַרף האָבן דרום־זון, בשעת ליבערמאנען דעם גרויס שטאָטיגן מענטשן און יידן, האט פארכישופט דאס עלעמענטארע, חיה׳שע באַגער־לעבן אין זיין אינטימער שייכות צו דער נאטור, צו דער פיזישער אַרבעט.

ליבערמאן קוויקט זיך פון דאָס טיפּישע, פון דעם ריטם פון פשוטער ארבעט, וואס גייט פאנאנדער אין גלייכע באוועגונגען. דעריבער האט ער געמאָלט פליקערקעס פון גענז, פלעכטער פון קערב, קאָנסערוון־מאכערקעס, אויך אַ שניידער־שול, אַ שול פון קליינע קינדער, אַ וואַרקשטאַט פון שוסטער, אַ שייער פון פלאַקס, אַ שטיבל פון אַ לאָטסמאַן, אַ מושב־זקנים א. א. וו. און תמיד האָט ער זיך געפלייסט ארויסצוגעפינען דאָס געמיינזאמע אין דער מראה פון די מענטשן, וועלכע עס פאַראייניגט אַן ענליכע ארבעט, אַן ענליכער אַרט לעבן, נישט, אַ שטייגער, דאָס פארשיידנארטיגע, וואָס עס מוז דאָך קומען צום אויסדרוק, ווען מען באַטראַכט נעהנטער. ליבערמאַן איז דער פאָרשטעלער פון מיליטאריזירטע ארבעט. ער איז אַ מאַסן־שילדערער. ער וואָלט אויך געקאָנט מאָלן סאָלדאַטן־סצענעס, ווען עס וואָלטן פאר אים נישט געווען קיין שטער די ספּעציפיש־יידישע מאָמענטן.

עס איז אויסער געוויינליך כאַראַקטעריסטיש פאר ליבערמאַנס שאַפן, אז ער האט אפילו געמוזט האָבן דעם האָלענדישן ראַם פאר זיין פאָרשטעלן דעם יידן. פאר דעם בערלינער יידן האט ער קיין זאך נישט געהאט. אקעגן זשע האט אים אויסגעזען דער אַמסטערדאַמער פאר אַ זאך, וואס איז ראוי צו ווערן פאָרגעשטעלט. בדרך אגב איז ער אויך צו דעם אַמסטערדאַמער יידן קיינמאל נאָהנט נישט צוגעטראָטן. אין זיינע האָלענדישע יידישע בילדער האָט ער זיך זעהר קנאַפּ אָפּגעשטעלט אויף דאָס פיזיאָגנאָמישע. דער אַמסטערדאַמער יידישער קווארטאַל, וואָס ער האָט עטליכע מאָל פאָרגעשטעלט, איז אַ כוואַליע, ווי מען קאן נישט אונטערשיידן דאָס איינצעלנע.

די דיסטאנץ פון דער זאך איז דאָס עסטעטישע געזעץ, וועלכן ליבערמאַן האָט זיך כמעט תמיד אונטערגעוואָרפן. איגנאָרירט

ער באוואוסטזיניג דאס אינדיווידועלע, האט ער מורא פאר דעם איינצעלנעם מענשען אָדער ער זעט אים פשוט ניט? די ערשטע השערה וועט מסתמא זיין די ריכטיגע. ליבערמאַן קאָן נישט סובל זיין דאָס צופיל מענשליכע. פונקט ווי מאקס פרידלענדער האָט וועגן דעם גלענצנדיג געזאָגט אין זיין בוך „מאקס ליבערמאַנס גראַפישע קונסט" (1920). ביי אים הייסט דאָרטן: „ער זעט אויסצומיידן צו שילדערן דאס וואָס עס רייצט אים און וואָס עס דרינגט אריין אין דעם תחום פון ווילן". פרידלענדער מיינט דאס אין שיכות מיט דעם פּאָר־טרעט פון דער פרוי, וואָרים מ'האט אויפגעוואָרפן ליבער־מאַנען, אז ער האָט קיין חוש ניט פאר דעם ווייבליכען חן. אסקעטיש, שטרענג, נישט בויגעוודיג, אַ שווערער זיט־ליכער, סאָציאַלער ערנסט איז דער חותם פון דער דאָזיגער קונסט. אין אַ שאַרפן קאָנטראסט צו דעם רחבותדיגן לעבן, וואס רינגעלט זי אַרום. פונקט ווי טאָלסטאָי איז אוועק אין פאָלק, אזוי איז ליבערמאַן אוועק קיין האָלאַנד, אין דעם לאַנד פון פויער און זעלבסט־צופרידנקייט. פונקט ווי טאָלסטאָי האָט מוּתּר געווען אויף די באַקוועמליכקייטן פון דעם לעבן אזוי האָט ער צוליב די זעלביגע סיבות מוּתּר געווען אויף דעם דעקאָראַטיוון פארנעם פון די ליניעס, אויף דער פסיכאָ־לאָגישער קולטור, אויף דעם גלאַנץ פון פארבן. פון דעם ססכוך מיט דער גייסטיגער גרויסער זאַטקייט, מיט דער נערוועזער צע־רייצטקייט איז אַנטשטאַנען אַ גורל פון א קינסטלער, וואָס איז אפשר געוואָרן גרויס מער דורך דעם מוּתּר זיין, ווידורך דעם שאַפן.

רחל ווישניצער־בערנשטיין



דאָמיע. א קאריקאַטור אויף אַדאָלף קרעמיע. צום ארטיקל די אנטוויקלונג פון דער מאדערנער גראפיק.

Minister "en expectative". Caricature of Adolphe Crémieux. Lithograph. Daumier.



ל. מיידנער. זעלבסטפארטרעט.

צום ארטיקל וועגן פארטרעט.

Portrait of the Artist.

L. Meidner.

# ארטור שניצלער

צו זיין זעכציגסטן געבורטסטאג

אויפן ערשטן קוק איז אין שניצלערס ווערק צו זעהן לויטער
עלעגאנטע לעביונגען. זיי האבן מאדנע פיל גליק און ליבע;
זיי באווייזן אויך קינסטלערישע פעהיגקייטן, מייסטנס אבער
איז דאס באַ זיי א שפיל. זיי פארמאגן הומאר און איראָניע,
קאנען איראניזירן פון זיך אויך, נעמען דאס לעבן נישט צו
ערנסט, מ׳טרייבט מעלאנכאליע מער אלס מיטל זיך גופא צו
בארוהיגן, מ׳זאל זיך פאַרשפּאָרן אויסווארפן אייגענע נישטיג־
קייט, איידער דאס זאל זיי שטערן צו געניסן דאס לעבן.
נעבן זיי שטייט די שענע פרוי פון דער גוטער געזעלשאפט
און דאס זיסע מיידל פון דער פארשטאט, און אונזערע יונגע
העלדן טרייבן ארום צווישן דיביידע. דאן קומען די קלוגע,
מייסטנס א ביסל בייזע פארטרעטער פון אן עלטערן דור;
אונטער זייער השפעה הויבט זיך אן צו ענדערן דער גייסט־
צושטאנד באַ די יונגע צענטראלע פיגורן. שפּעטער, מיט די
יארן, רוקן זיך שניצלערס געשטאלטן אלץ מער ארויס פון
דער יוגנטספערע. בעצם בלייבן זיי אבער דיזעלבע מענשן.
די אייגנטימלאכקייט פון זייערע לעבנספארהעלטענישן אנט־
פלעקט איצט אין שארפע שטריכן זייער באטייט פאר דער
עפּאָכע, וואס שניצלער לעבט אין איר און וואס טרייבט אים
צו שאפן. שניצלער האט מיט די טיפן פון זיין פאטערשטאט
ווין נישט בלויז געווירקט, אז א גאנצער דור לעבעדיגע
מענשן זאל זיך אָריענטירן אויף זיין אַרט זעהן און אויף זיינע
פיגורן. ער האט געכאפּט דעם כאראקטער פון זיין צייט,
דעם אקעגנגעשטעלט זיין אייגענע אידייע וועגן לעבן... ער
האט שטענדיג פארטיפט זיין טענה צו מענשנס גורל, און אויב
ער האט אויסגעמיטן צו זאגן דאס לעצטע ווארט, האט ער
זיך אבער קיינמאל נישט צופרידנגעשטעלט מיט אן אַייליגן,
לייכטן ענטפער.

א געוויטער סכנות לאקערט אויף דער פארפיינערטער זעעל;
לעבנס שפּילן מיט געפאר, און ס׳ציט צו אזוינע ריזיקאלישע
לעבנס; דעם מענשנס זעעל, וואס אנטפלעקט פילזייטיגקייט,
רייכע קערעוודיגקייט, דער לוקסוס פון גייסט און חושים, —
דאס אלץ איז דער קוואל פון שניצלערס קינסטלעראייגנס.
דאס האט זיך ווייטער אנטוויקלט אין א שטרייט מיט פּרע־
טענזיעס און ספקות, וואס שטעקן אין דער טיפ־אינעווייניגסטער
ספערע אין דעם זעלבסטגעפיל באַ דעם מאדערנעם מענשן.
טויט און ליבע, — דאס זיינען די גרויסע טעמעס, וואס לאזן
זיך אומעטום הערן אין שניצלערס שאַפן. אין דער העכסטער
לעבנסלוסט באווייזט זיך צו מענשן דער טויט הינטערן רוקן,
און זיי מוזן זיך פרעגן, וואס פאר א זין, וואס פאר א געוויס
האט דאס לעבן?

שניצלער דערלאנגט דאס מייסטנס מיט א מערקווערדיג
פארפלעכטן שפיל אוןווירקלאכקייט אזוי, אז מ׳פארלירט די
זיכערקייט, וואו הערט אויף איינס און ס׳הויבט זיך אן דאס
אנדערע, און ס׳מוז דערוועקן ביי די פאראינטערעסירטע א
ב־טערן אומצוטרוי. צי נארט מען זיך נישט אין דעם, וואס
מ׳האט געהאלטן פאר זיכער און ווערט? אין אַנאַטאָלס מורא
פאר „דער פראגע צום גורל", אין דער שפּיל מיט מענשנזעעלן
אין „פּאַראַצעלזוס" און אין דעם איבערגאנג פון א געשפּילטער
צו א ווירקליכער מאָרדשנאה, וואס ברעכט אויס אין דער
רעוואלוציע־דראמע „דער גרינער קאַקאַדו", אין פיליפּס נסיון
אין „בעאַטריסעס שלייער", אין דער שפּיל מיטן טויט אין „איינ־
זאמען וועג". אומעטום פארארבעט דער קינסטלער די דאזיגע
טעמע, די מאַסקעסשפּיל, אין וויציגע און טראגישע וואַריאַציעס,
וואס שפּאַרן און קערן זיך אום דורכאנאנד ווי א פוגע, אזוי אז
די מענשן מוזן זיך אליין פרעגן, צי איז זייער לעבן געווען קונסט
אדער דילעטאנטיזם, צי איז זייער יש בלויז א שאָטן, זייער
ערנסט — בלויז קאָמיזם אומגעוואוסט? און פּונקט ווי עס
בלייבט אומגעוויס, צי דער מענש טרייבט שפּיל אדער ערנסט,
אזוי פארשלייערט אויך א פארשטעלטער סוד לעבנס־צופאלן,
וואס בלייבן אויסער דעם ווילן און דעם רשות פונם פּרט.
אזויווי דאָסטאָיעווסקי׳ס אן אויספארשריכטער אזוי נויט דער
צופאל א מייסטערין א ליגנערין זיך אליין מודה צו זיין, בעת
ס׳איז שוין באזייטיגט יעדע געפאר, די זאך זאל אנטפלעקט
ווערן („די טויטע שווייגן"). דער צופאל ברייגנט אין „ליבעליי"
א יונגען מענשן צו שטארבן פאר א דאמע, וואס זי איז
אים שוין מער נישט ליב. דער צופאל ברייגנט צו פאר־
צווייפלונג דאס פארשטאטמיידל, ווען אירער ליגט פאר
איר טויט. מיט א חוזק פאריאָגט דער צופאל א נעבאכ־
דיגר מענשל פונם לעבן („דער ערנטאָג"), פירט צונויף צווי
אפּגענארטע שווינדלער („דאס לעצטע אוונטעסן"); אזוי ווי
א וואָרנער א שפּאסטרייבער שליסט ער די עראטישע קייט
אין „קאַראַהאָד" און אנטפלעקט אין „איינזאמען וועג"
א קראפט, וואס מאכט צו נישט און צו שפּאָט אלע מענש־
ליכע אינטערעסן, אויסרעכענען, געפּילאימפּולסן. אבער הינטער
דעם אלעמען שטייט א דיכטער, וואס שטעלט זיך גופא, זיין
אייגענעם וועזן, די פראגע וועגן שפּיל און ערנסט. צי שטימט
דאס דיכטערישע געביי מיט דער גרויס און מיט דער קראפט
פונם רעאלן לעבן? צי ברייגנט דאס דעם דיכטער ווייטער
פונם לעבן, איידער דעם נאאיוון מענשן פון א גאנץ יאר? די
דאזיגע ספקות, וואס האבן נישט געלאזט רוהען אזוינע ווי
יאַקאָב וואסערמאן, טאָמאַס מאַן, קייזערלינק, האבן שווער גע־
טראפן שניצלערן אויך. אין א שארפער סאטירע האט ער
געוויזן די סתירה אין דעם איבערגאנג פון ליטעראטור און
לעבן. ער האט קיינמאל נישט אָנגעוואָרן פון אויג די געפאר,
ווי אזוי ס׳קאן פארדארבן ווערן דאס אייגענע געפּיללעבן,
ווען מ׳האלט זיך אין איין אַיינפּילן, איינלעבן זיך אין פרעמדע
פּערזענליכקייטן.

דא איז כדאי צו באמערקן, אז שניצלער, דער דיכטער,
וואס האט אזוי שארף אויסגעדרוקט דאס רייפע און דאס אומ־
רוהיגע אין דעם געפיל פאר דער טרוימעוודיגקייט פונם לעבן
פאר דעם אַוואַנטיורעחשק פון דער זעעל, — דער דאָזיגער
דיכטער איז א ייד. די פּסיכאלאגישע אייגנשאפטן פונם יידן
האבן אים שטענדיג גערייצט צום שאפן. אין דער דראמע
„פּראָפעסאָר בערנהארדי" פארמשפּט מען צו טורמע דעם העלד,
א יידישן דאקטאר, דערפאר וואס ער האט נישט ציגעלאזט,

פון זיין דאקטערש געוויסן וועגן, קיין קאטוילישן גלח צו׳ר א פרוי אויפן טויטבעט, וואס האט קיין באגריף ניט געהאט, ווי שלעכט ס׳האלט מיט איר. פאליטישע אינטריגאנעס נוצן בערנהאַרדיס יידישקייט פאר אגיטאטאָרישע צוועקן צו פירן א קאמף קעגן דער וויסנשאפט און דער קירך, נישט פארגעסן דערביי אייגענע אינטערעסן אויך. שניצלער אנטפלעקט דא מיט גרויסער מייסטערשאפט די איצטיגע יידישע לאגע, די נישטיגקייט פון אנטיסעמיטן און די כאראקטערשוואכקייט פון די גלייכגילטיגע. אין דעם ראמאן „דער וועג צו פריי״ מאלט ער פארשידענע טיפן פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום, אלטע און יונגע, ליבעראלן, סאָציאליסטן, ציוניסטן; יידן וואס זיי זעהן נישט קיין שום תהום צווישן זיך און דער נישטיידישער וועלט; און יידן, וואס גלויבן נישט, מ׳זאל זיך קאנען פארשטענדיגן; יידן, וואס שעמען זיך מיט זייער יידישקייט, און שטאלצע יידן, וואס האבן מורא מ׳זאל נישט מיינען, אז זיי שעמען זיך. א באראָן א קריסט, וואס זוכט צו פארקערן מיט זיי פשוט ווי מיט גלייכע, זעהען זיי אויס אין די אויגן ווי מענשן, וואס שטענדיג שטעלן זיי זיך איין פאר עפּיס, אפילו ווען ס׳איז גאר נישטא די נויט צו זיין אויף דער וואַך. דעם יידן פעלט די נאטירליכקייט, די פשטות; דאס איז, לויט דעם דיכטערס קוק, א וויכטיגער כאראקטערשטריך באַ יידן. אין יעדן איינעם לאזט זיך פילן דער סודותדיגער גורל, וואס איז באשערט דעם יידישן שטאַם, אלצאיינס, צי זיינען דאס יידן, וואס ליידן פון זייער יידישקייט, אדער יידן, וואס זיינען שטאלץ דערמיט. יענע יידן וואס באטייליגן זיך אין דער קולטור פון זייער לאנד, וואס פילן זיך היימיש דארט, וואו זיי לעבן און טוען, אין וואס זיי מוזן צוזעהן, ווי גראד דערפאר זיינען זיי פאראכט און פארשריגן, — יענע יידן פילן זיך פארלארן, אנגעווארן די זיכערקייט אין זייער לעבן, אין זייער ווערט, אין זייער אייגנס, און באַם בעסטן וויסן און וועלן קאנען זיי נישט האלטן פאר קיין אויסוועג, נישט דאס, וואס ציוניסטן, נישט דאס, וואס אנטיסעמיטן ראטן זיי. פאר דעם היינט זעהט שניצלער נישט קיין וועג פאר אלע גלייך. יעדער מוז זיך זוכן דעם וועג צו פריי אויף זיין שטייגער. אבער אפשר איז דאס גראד דאס אמתע „שניצלערישע״ אינם דיכטער. א גריבלער, נישט קיין גלייכגילטיגער, נישט קיין לייכטזיניגער, אבער א מאן, וואס אים שרעקט דער לעצטער סך־הכל, דאס פארגעפיל, וואס איז איצט געווארן אפאקט: דער אונטערגאנג פון דער ווינער געזעלשאפט און דער קריזיס פון דעם אסימילירטן יידנטום.

ד״ר הוגאָ ביבער

# דער טויטער גאַבריעל

זי האט אים פארבייגעשוועבט אין טאנץ, אין די אָרעמס באַ איינעם, וואס ער האט אים נישט געקענט. האט קוים אנויג געטאן מיטן קאָפּ, אשמייכל געטאן. פערדינאנד ניימאן האט זיך פארבויגט טיפער, איידער ער איז דאס געוואוינט געווען. זי איז אויך דא, — האט ער זיך אטראכט געטאן פארוואונדערט, און האט זיך מיט אמאל דערפילט פרייער, איידער ביז איצט. אויב אירענע האט געקאנט באַ זיך פועלן פיר וואכן נאך גאַבריעלס טויט צו שוועבן אין א העלליכטיגן זאל אין א ווייס קלייד מיט דעם ערשטן אומבאַקאנטן הער, איז דארף ער זיך אויך נישט ערגערן, וואס ער איז געקומען אהער, אין אן אָרט פון קוועלנדיגער פרייד. נאך פיר וואָכן שטילער צוריקגעצויגנקייט האט ער היינט אוונט דאס ערשטע מאל דערפילט, אז ס׳ציט אים צו מענשן. זיינע עלטערן, וואס האבן נישט געקאנט באנעמען, ווי דער זון איז אזוי טיף געטראָפן פון וועגן דעם טויט פון א צופעליגן באקאנטן, זיינען געווען פריידיג איבערראשט, ווען ער האט זיך באוויזן צום אָוונטעסן אין פראק און האט געזאגט, ער וויל גיין אויפן יוריסטנבאַל. ער איז באלד אוועק אויך מיט אן אָנגענעם געפיל, אז ער האט אָהן איבריגער מי פארשאפט אביסל פרייד די גוטע אלטע לייט.

אין פיאַקר, וואס האט אים געפירט צו די סאָפיענזאַלן, האט אים ווידער אנאָג געטאן דאס הארץ. ער האט זיך דערמאנט אין דער נאכט, ווען ער האט געזעהן פון ווילהעלמינעס פענסטער באַ די שטאטפארקשטאַכעטן א טונקעלע געשטאלט וואנדלען אויף און אפּ. ער האט זיך דערמאנט דעם פרימאָרגן, ווען ער האט נאך אין בעט געפונען אין בלאט די נאכריכט פון גאבריעלס זעלבסטמארד; די שעה, ווען ווילהעלמינע האט אים געגעבן צו לייענען יענעם בריף, וואו ער געזעגנט זיך אויף אייביג, אהן איין וואָרט איר פירצוהאלטן, דעם בריף, וואס האט אים אזוי שטארק געטראפן. אויף די ברייטע איינגאנסטרעפּ און אפילו אין זאל מיט דער רעשיגער מוזיק איז אים נישט גרינגער געווארן אויפן הארצן; ערשט אירענעס געשטאלט האט זיין שטימונג געענדערט.

אירענען האט ער געקענט שוין עטליכע יאר, נישט געהאט פאר איר קיין באזונדער אינטערעס. ס׳איז פאר אים, ווי פאר אלע אנדערע באקאנטע אין הויז, קיין סוד נישט געווען, אז זי ציט צו גאַבריעלן. א פאר טאג פאר ווייניאַכטן איז ער צו גאסט געווען באַ אירע עלטערן אין הויז, און זי האט זיי געזונגען מיט איר אָנגענעמער טונקעלער שטים אפּאר לידער.

גאַבריעל האט איר אַקאָמפּאַנירט אויף דער פּיאַנאָ, און פּערדינאַנד האט זיך דייטליך דערמאנט, ווי ער האט זיך אליין געפרעגט: פארוואס פארבונדט זיך נישט דער גוטער יונג מיט דעם ליב איינפאך מיידל, אנשטאט צו קלעפּן צו דער גרויסארטיגער ווילהעלמינע, וואס וועט אים באלד זיכער פעלשן? אז גראד דורך אים איז באשערט געווען דער דאזיגער חשד זאָל וואָר ווערן, דאס האט פערדינאנד יענעם טאג נאך נישט געשפירט. ווי גרויס איז באמת זיין שולד אין גאַבריעלס טויט? אַנאַסטאַסיאוס טרויענהאף, וואס פארשטייט אלע ערדישע און הימלישע זאכן, האט אין דעם פאל געפסקעט, אז אים, פערדינאנדן, איז אין דער גארער אנגעלעגנהייט באשערט געווען די ראָליע פון א פּרינציפּ, נישט פון קיין אינדיווידו; דעריבער מעג ער זיך לאזן לייכט ווי טון, ער דארף זיך דאס אבער נישט שטארק נעמען צום הארצן. יעדנפאל איז דאס געווען פאר פערדינאַנדן א פּיינליכע מינוט, ווען ער איז געשטאנען מיט ווילהעלמינען פאר גאַבריעלס גרוב מיט האלבפארוועלקטע קרענץ, און יענע האט אים, דעם וויינענדיגן, געזאגט מיט דעם טאָן, וואס איז אים גוט באקאנט געווען פון דער סצענע: „יא, אויסווארף איינער, די מעגסט שוין וויינען“. אשעה שפּעטער האט זי אים דאך געשווארן, אז אים צוליב מעגן שטארבן בעסערע פאַר גאַבריעלן אויך. די לעצטע טעג פלעגט דאס פערדינאַנדן אפטמאל דוכטן, אז זי האט די טרויעריגע געשיכטע פּשוט פארגעסן. טרויענהאף האט דארויף אויך געהאט וואס צו זאגן: פרויען זיינען אסך מער אויסגעבונדן מיט דער סטיכיע, איידער מענער, זיי זיינען שוין גאר פון אנהויב אזוי באשאפן געווארן, זיי זאלן רוהיג אויפנעמען דאס, וואס ס׳מוז געשעהן.

א צווייט מאל האט אירענע פארבייגעשוועבט אין טאנץ און ווידער געשמייכלט צו פערדינאנדן. אבער איר שמייכל איז שוין דאסמאל געווען אנדערש: אינטימער, פריינדליכער; און זי האט נאך אלץ געקוקט אויף פערדינאנדן, בעת זי האט שוין געהאט אוועקגעשוועבט און אריין אין דער מענגע. ווען דער וואלס איז שוין געווען אויס, האט פערדינאנד ארומשפּאצירט אין זאל, געפרעגט באַ זיך, וואס האט אים אייגנטליך אהער געצויגן, צי איז ווערט געווען זיך לאזן שטערן מיט דעם באַנאַלן באַלטומל די פיינע מעלאַנכאָליע, וואס די ליידנשאפטלאכע שעה׳ן אין ווילהעלמינעס אָרעמס די לעצטע צייט האבן דאס פארשלייערט נאך מיט מער טראגישן רייץ. און מיט אמאל האט דאס אים א צי געטאן. נישט בלויז אוועק פונם באַל, נאר גאָר צו דערווייטערן זיך פון דאנען, אפשר מאָרגן שוין, קיין דרום־לאנד, קיין סיציליע, קיין מצרים. ער האט זיך געהאלטן אין איבערלייגן, צי זאל ער זיך געזעגנען מיט ווילהעלמינען, אז פלוצעם האט ער דערזעהן פאר זיך אירענען שטיין. זי האט לייכט פארבויגט דעם קאָפּ און געענטפערט אויף זיין גרוס. ער האט איר דערלאנגט דעם אָרעם און האט זי געפירט דורך דעם געדראנג אין זאַל די עטליכע טרעפּ ארויף צו דעם ברייטן גאַנג מיט די געדעקטע טישן ארום דעם טאנצזאַל. דא האט די מוזיק ווידער אנגעהויבן צו שאַלן און באם ערשטן אַקאָרד האט אירענע שטיל א זאג געטאן: „ער איז טויט, און מיר צוויי זיינען דא“. פערדינאַנד האט זיך א ביסל דערשראקן, אומגעוואלט געמאכט גיכערע טריט. צולעצט האט ער באמערקט:

„היינט איז דאס ערשטע מאל, וואס איך בין צווישן אזויפיל מענשן“.

„באַ מיר איז דאס שוין דאס דריטע מאל“, האט אירענע געענפערט מיט אקלארער שטים. איין מאל בין איך געווען און טעאטער און דאס צווייטע מאל אויף אַ אונטערהאלט“.

„איז דאס געווען אינטערעסאנט?“ — האט פערדינאנד געפרעגט?

„איך ווייס נישט. עמיצער האט געשפּילט פּיאַנאָ, אן אנדערער האט פירגעהאלטן קאָמישע זאכן. דערנאך האט מען געטאנצט“.

„אזוי איז דאס שטענדיג“, — האט פערדינאנד באמערקט. זיי זיינען געשטאנען פאר אטיר. „איך בין פארבעטן צו א קאַדריל“, האט אירענע געזאגט, „אבער איך וויל דאס נישט טאנצן. לאמיר אנטלויפן אויף דער גאלעריע“. פערדינאנד האט געפירט אירענען ארויף אויף דער שמאלער קילער שווינדלטרעפּ. ער האט געזעהן אויף אירענעס אַקסלען דינע פּודערשטויב. די שווארצע האר זיינען איר געווען פארלייגט אין א שווערן קנויל אויפן נאַקן. איר אָרעם איז געלעגן לייכט אין זיינעם. די טיר צו דער גאלערייע איז געשטאנען אָפן. אין דער ערשטער לאָזשע איז געזעסן א קעלנער, וואס האט זיך אַיליג אויפגעהויבן.

„איך וויל א גלאז שאַמפּאַניער“, — האט אירענע געזאגט.

אָ, האט זיך פערדינאנד אקלער געטאן, — זאל זי זיין אינטערעסאנטער איידער איך האב געמיינט? אדער איז דאס א שטיק?

ער האט באשטעלט דעם וויין, דערנאך האט ער איר אונטערגערוקט א טיפע שטול, אזוי אז פון אונטן האט מען זי נישט געקאנט ארויסזעהן.

„איר זיינט מיט אים געווען באפריינדעט?“ האט אים אירענע געפרעגט און געקוקט פעסט אין די אויגן.

”באפריינדעט? דאס לאזט זיך אייגנטליך נישט זאגן. די לעצטע צייט זיינען אונזערע באציהונגען יעדנפאל געווען זעהר לויז. ער האט זיך געטראכט: ווי מאָדנע זי קוקט מיך אן. פילט זי, אז איך.... אבער ער האט גערעדט ווייטער: „פאר פינף אדער זעקס יארן האבן מיר ביידע גלייך געהערט אייניגע לעקציעס אין אוניווערסיטעט. מיר האבן ביידע שטודירט יוריספּרודענץ, אזוי זיך. דערנאך פאר דריי יארן האַרבסט, האבן מיר צוזאמען געמאכט א פּארטיע וועלאָסיפּעד, פון אינסברוק אן; געטראפן האבן מיר זיך דארט גאנץ צופעליג. איבער דעם ברענער. אין ווערָאָנע האבן מיר זיך ווידער געשיידט. איך בין נעפארן אהיים, ער — קיין רוים“.

אירענע האט אפטמאל צוגעשאָקלט, אזוי ווי זי וואלט געהערט לויטער באקאנטע זאכן. פערדינאנד האט גערעדט ווייטער; „אין רוים האט ער אגב געשריבן זיין ערשטע שטיק, ריכטיגער די ערשטע, וואס איז געקומען פאר דער סצענע“.

„יאָ!“ האט אירענע צוגעשטימט.

„ער האט נישט געהאט קיין גרויס גליק“ — האט פערדינאנד באמערקט. דער שאַמפּאַניער איז געשטאנען אויפן טיש. פערדינאנד האט אנגעגאסן. זיי האבן געלאזט טרעפן די גלעזער און באַם טרינקען, האבן זיי זיך ערנסט אַנגעקוקט עפּיס ווי מיט דעם ערשטן גלאז איז געמיינט געווען דעם פארשטארבענעמס אָנדיינק. דאן האט אירענע אוועקגעשטעלט די גלאז און האט רוהיג אזאג געטאן: „ער האט זיך אומגעבראכט איבער דער בישאָף.“

„מ'זאגט אזוי“, — האט פערדינאנד איינפאך אפגעענטפערט, צופרידן, וואס ער האט זיך נישט ארויסגעגעבן מיט קיין איין מינע.

די קאדרילמוזיק האט געשאַלט אזוי האסטיג, אז די שאמפאניערבעכער האבן שטיל געציטערט.

„קענט איר פערזענליך די בישאָף ?“ האט אירענע געפרעגט.

„יאָ“, — האט פערדינאנד געענטפערט. ער האט זיך געטראכט: הייסט דאס, זי ווייסט נישט גארנישט. נאטירליך, ווואלט זי דאס געשפירט, איז ווואלט זי דא מיט מיר קיין שאמפאניער נישט געטרונקען. אדער אפשר גראד דערפאר...?

„נישט לאנג האט איך געזעהן די בישאָף אין דער מעדייע־ראָליע“. — האט אירענע געזאגט, „איך בין געגאנגען אין טעאטער בלויז זי צו זעהן. זינט דער פרעמיערע פון גאַבריעלס שטיק פאָריגן ווינטער האב איך זי אויף דער סצענע מער נישט געזעהן. דאַמאלס האט זיך די געשיכטע ערשט אנגעהויבן ?“

פערדינאנד האט געצוקט מיט די אקסלען, ער ווייסט נישט גאר נישט. „יא, זי איז אַ גרויסע קינסטלערין“.

„דאַס קאן געמאַלט זיין“, — האט אירענע אפגעענטפערט, „אבער איך מיין נישט. אז דאַריבער מעג זי...“

„וואס מעג זי ?“ — האט פערדינאנד געפרעגט און ווידער אנגעגאסן די גלעזער.

„טרייבן א מענשן אין דער ערד“ — האט אירענע פארענדיגט און געקוקט אין דער ווייט.

„יא, מיין פריילין“ — האט פערדינאנד געזאגט באטראכט, — „וואו הויבט זיך דא אן מ'מעג און וואו ווידער די פאראנטווארטונג. דאַס לאזט זיך שווערליך זאגן. און ווען מ'ווייסט נישט נאהנט די לאגע, ווי קאן מען דא.... יעדנפאל געהער פריילין בישאָף צו די וועזנס, וואס, ווי זאל איך דאס אייך זאגן, זיי זיינען נאהנטער צו די סטיכיע־גייסטער, איידער מיר אנדערע מענשן, און פאר אזוינע וועזנס דארף מען אפשר נישט אנווענדן דיזעלבע מאָס, וואס פאר אונזער איינעם“.

אירענע האט אוועקגעלייגט אויפן טיש איר אלטמאָדישן עלפנביינערנעם פאָכער, האט אים ווידער גענומען אין האנט, פארבייגעפירט די באקן און שטערן אזוי ווי זי וואלט זיך געקילט. זי האט אויסגעטרונקן איר גלאַז מיט אמאל און אזאג געטאן: „וואס זי איז אים נישט געטריי געבליבן, — נו דאס קאן מען נאך פארשטיין. אבער פארוואס איז זי צו אים נישט אויפריכטיג געווען ? פארוואס האט זי אים נישט געזאגט: ס'איז אויס. איך האב ליב אַן אנדערן, לאמיר זיך שיידן. ס'וואלט אים געוויס זעהר וויי געטאן, אבער צום טויט וואלט דאס אים נישט געטריבן“.

„ווער ווייסט“ ? האט פערדינאנד לאנגזאם געזאגט. „געוויס נישט“, האט אירענע האַרט באַשטעטיגט. „בלויז דאס מאוס האט געבראַכט דערצו. דאס מאוס. ווען ער האט זיך געמוזט טראכטן: די זעלבע רייד, וואס איך האב היינט געהערט, די זעלבע צערטליכקייטן, וואס איך האב היינט געקריגן...“ זי האט א ציטער געטאן, זי האט געקוקט אריבער אין זאל אריין און איז אנשוויגן געוואָרן.

פערדינאנד האט איר אנגעקוקט און האט ניט געקאָנט באנעמען, ווי קאן זיך איינער, געליבט פון אזא מיידל, אומברייינגען איבער ווילהעלמינען. אין דעַר מינוט האט ער אויך געצווייפעלט, מער ווי אלעמאל, אז גאבריעל זאל האבן פארמאגט טאלענט. אמת, ער האט זיך קוים געקאָנט דערמאנען די שטיק, וואס ווילהעלמינע האט דארט פאראיארן געשפילט די הויפטראליע, און וואס נאך דער שטיקס דורכפאַל איז זי געווארן גאַבריעלס געליבטע, עפּיס ווי אים צו פארגיטיגן. זעהר שטיל האט אירענע איצט געפרעגט מיט אַן אפגעקערטן קוק: „הייסט דאס, איר האט די לעצטע יארן מיט אים נישט פאַרקערט ?“

„ווייניג“, — האט פערדינאנד געענטפערט, — „ערשט דעם לעצטן הארבסט האבן מיר זיך ווידער געטראפן אפּאר מאל. צופעליג האב איך אים איינמאל געטראפן אויפן רינג. ער איז גראד געווען צוזאמען מיט דער בישאָף און מיר האבן דאן אלע דריי געגעסן אונזער אוונטעסן. ס'איז געווען זעהר א געמיטליכער אוונט. מ'האט נאך געקאנט זיצן אויף דער פריי כאטש ס'איז שוין געווען סוף אקטאָבער. מיר האבן זיך נאכדעם געטראפן נאך אַמאל אָדער צוויי, און גראד באַ איר, באַ פריילין בישאָף. יא, ס'האט געהאט א געוויס אויסזעהן, ווי מ'וואלט זיך ווידער געפונען איינס דאס אנדערע נאך אלאנגער צייט. אבער ס'איז דערפון גארנישט געוואָרן“. פערדינאנד האט זייטיג אַקוק געטאן אויף אירענען און געשמייכלט.

„נו וויל איך אייך עפּיס דערציילן“ — האט אירענע געזאגט, — „איך האב געוואלט אריינגיין צו פריילין בישאָף“.

„וואס ?“, האט פערדינאנד כמעט א געשריי געטאן און באַטראכט אירענעס שטערן, וואס איז געווען זעהר ווייס און העכער פאר א געוויינטליכן מיידלשטערן.

דער קאדריל איז געווען אויס אין די מוזיק שטיל. פון אונטען האט געשפּארט אַ טומל פון שטימען. אנדערע נישטיגע ווערטער האבן זיך געלאזט הערן דייטליכער, עפּיס ווי זיי וואלטן פארמאגט אקראפט זיך אויסצוטיילן פון די איבריגע.

„ס'איז באַ מיר אפילו געווען פעסט באשלאסן“ — האַט אירענע ווייטער גערעדט, געהאלטן אין איין אויף־און־צומאכן דעם עלפענביינערנעם פאָכער. „אבער שטעלט אייך פאר ווי קינדיש, די לעצטע מינוט האט מיר שטענדיג פארפעלט מוט“.

„צוואס ווילט איר דען זיין באַ איר ?“, — האט פערדינאנד געפרעגט.

„צוואס ? דאס איז דאך זעהר איינפאך. איך האב זי געוואלט אנקוקן פנים צו פנים, הערן איר שטים. איך האב געוואלט וויסן, ווי אזוי רעדט זי און באנעמט זיך אין געוויינטליכן לעבן; איך האב זי געוואלט אויספרעגן וועגן אלערליי וואכעדיגע זאַכן. איז דאס דען אזוי שווער צו פארשטיין ?“ האט זי פלוצעם האסטיג אזאג געטאן, האט אפּגעהאקט, אלאַך געטאן, האט א שלונג געטאן פון איר גלאז און גערעדט ווייטער: „ס'קאַן דאך איינעם אינטערעסירן, וואס זיינען זיי אייגנטליך יענע פרויען, די סודותדיגע אזוינע, וואס מ'דארף פאר זיי האבן אַן אנדער מאָס, ווי איר זאגט. יענע, וואס איבער זיי לאזן זיך גוטע מענשן אומברענגען, און אין דרייטאג ארום שטייען זיי אויף דער סצענע אזוי גרויסארטיג אזויווי ס'וואלט גאר נישט געשעהן“.

צוויי הערן זיינען פארבייגעגאנגען, געבליבן שטיין, אויסגעדרייט זיך און אנגעקוקט אירענען.

פערדינאנד איז געווען גערייצט און פעסט געשלאסן, ווען אזא אומדערצויגנקייט זאל געדויערן א סעקונדע לענגער, אזוי

שטייט ער אויף, און זאָלן זיי ענטפערן. ער האט שוין געזעהן, ווי מ׳בייט זיך מיט וויזיטקארטעס, ווי ער פאררופט צו זיך סעקונדאנטן, פארט און גרויען פרימארגן איבער דעם פראטער, א קויל טרעפט אים אין ברוסט, ער פאלט צו דער פייכטער ערד, און צולעצט שטייט ווילהעלמינע מיט עפּיס א קאָמעדיאנט באַ זיין גרוב. אבער נאך איידער די סעקונדע צייט איז אפּגעלאָפן, האבן שוין די הערן אויפגעהערט צו קוקן און האבן זיך געלאזט ווייטער גיין. פערדינאנד האט ווידער געהערט אירענעס שטים: „איצט וואלט איך מוט געהאט‟. — האט זי געזאגט מיט א מאדנע עפּיס ווי אפארצווייפלטן שמייכל.

„מוט צו וואס ?‟ האט פערדינאנד געפרעגט.

„מוט צו גיין צו פריילין בישאָף‟.

„גיין צו פריילין בישאָף . . . , איצט ?‟

„יא, גראד איצט. וואס קלערט איר דערצו ?‟ זי האט געוויגט די אַקסלען צים טאקט מוזיק. „אָדער ווילט איר טאנצן אַוואַלס ?‟

„דאס לאזט זיך שוין גיכער‟, מיינט פערדינאנד.

איז דאס נישט מערקווערדיג‟ — האט אירענע געזאגט מיט לוסטיגע אויגן. „וואס האט זיך דען געענדערט, זינט מיר זיצען דא אין דער לאָזשע און טרינקען שאמפּאניער ? גאר נישט. נישט דאס מינדסטע. און פלוצים קומט איינעם פיר, אז דער טויט איז גאר נישט אזוי שרעקליך, ווי געוויינטליך שטעלט מען זיך פיר. ווייסט איר, איינס, צוויי, און איך ווארף זיך אראפּ פון דאנען, אדער זאל זיין פון א טורעם. ס׳איז א גארנישט באַ מיר אין די אויגן. אשפּאַס. און ווי גוט באקאנט מיר צווייען זיינען דאס געווארן! אבער דאס האט איר צו פארדאנקען בלויז גאַבּריעלן‟.

„איך האב זיך קיינמאל נישט איינגערעדט . . . .‟ האט פערדינאנד געזאגט מיט אשמייכל דאנקענדיג, באמערקט, אז ער האט א ביסל הארצקלאָפּן.

אירענעס אויגן זיינען שוין מער נישט געוועזן לוסטיג, זיי זיינען געווען גרויס, שווארץ און ערנסט. „און ווייסט איר, ווי איך האב זיך דאס פירגעשטעלט‟, האט זי געזאגט, נישט געהערט זיינע רייד, „איך האב זיך געוואלט פירשטעלן פאר א קינסטלערין אן אנהויבערין, אדער אזוי פאר א גליהענדיגער פארערערין. שוין לאנג ציט דאס מיך . . . שוין לאנג לעכץ איך נאך דעם . . . עפּיס אזוינס האב איך געוואלט אנהויבן. זיי האבן דאך אלע ליב חניפה, אזוינע פרויען, נישט אזוי ?‟

„דאס געהערט צו דעם ברויט‟, — האט פערדינאנד געענטפערט.

„אַ, איך וואלט איר אזוי געחנפעט, אז זי וואלט געווען גאר אַנטציקט און וואלט מיך געוויס געבעטן קומען נאך אמאל . . . און איך וואלט געקומען אויך, — אפילו גאר אָפטער; מיר וואלטן געווארן גאר אינטים. כמעט פריינדינס, ביז איין טאג וואלט איך איר . . . יאָ, ביז איך וואָלט איר אמאל אין פנים געשריגן: ווייסט איר, וואס איר האט געטאן? . . . ווייסט איר, וואס איר זייט ? א מערדערין ! יא, דאס זייט איר, פריילין בישאָף‟.

פערדינאנד האט איר אנגעקוקט פארוואונדערט און האט ווידער געטראכט: וואס פאר א נאר דער גאַבּריעל איז געווען!

דער קאַדריל איז געווען אויס. אונטן האט עס גערוישט און געטומלט, און אלע האבן זיך גערוקט אהער. צוויי פּאָר זיינען פארבייגעגאנגען, האבן זיך געזעצט גאר נישט ווייט צו א טיש באַ דער וואנט, האבן זיך אונטערהאלטן און געלאכט אויף אקול. דאן האט מוזיק ווידער אנגעהויבן, ס׳האט געקלונגען און געהילכט.

„ווען איך זאל איצט גיין צו איר ?‟ האט אירענע געפרעגט „איצט ?‟

„ווי מיינט איר, זי וואלט מיך אויפגענומען ?‟

„דאס וואלט געווען געטראפען א מאדנע צייט‟ — האט פערדינאנד געזאגט מיט א שמייכל.

„אך, ס׳איז נאך ווייט צו האלבער נאכט, און זי האט היינט געשפילט אויך‟.

„איר ווייסט דאס זיכער ?‟

„וואס איז דא פאר א וואונדער, שטייט עס דען נישט אין דער צייטונג ? זי וואלט גראד דעמאלט געווען געקומען אהיים. וואלט דאס דען נישט געווען די איינפאכסטע זאך אין דער וועלט ? מ׳לאזט זיך מעלדן, מ׳דערציילט עפּיס א געשיכטע, אדער פשוט דעם אמת. יא, איך קום גלייך פון א באַל; מיין טרוים, אייך צו זעהן, איז נישט געווען איבערצושפּאַרן; איין מאָל ווייניגסטנס האב איך געוואלט קושן די געטליכע האנט . . . און אזוי ווייטער. דערווייל ווארט אויף אונז די דראָשקע, נאך פאר דער גרויסער פויזע איז מען צוריק דא. קיין מענש וואלט דאס נישט באמערקט‟.

„אויב איר זיינט גרייט, פריילין, — האט פערדינאנד געזאגט, — „איז לאזט מיך אייך באַגלייטן‟.

אירענע האט אים אנגעקוקט. זיין אויסזעהן איז געווען פעסט באשלאסן און אויפגערעגט. „איר מיינט דאך נישט, אַז באמת . . .‟

„אבער צו שפּרינגען פון אטורעם, פריילין, דערצו וואלט אייך קיין מוט נישט געפעלט ?‟

אירענע האט אים אקוק געטאן אין די אויגן און פלוצעם איז זי אויפגעשטאנען. „אויב אזוי, איז באלד‟, האט זי געזאגט, און איבער איר שטערן איז פארביי א טונקלער שאָטן.

פערדינאנד האט גערופן דעם קעלנער, באצאלט, דערלאנגט אירענען דעם אָרעם און הָאט זי געפירט צוויי טרעפּ אראפּ אין פאָיע. דארט האט ער איר געהאלפן אנצוטון דעם העלגרויעם מאנטל. זי האט אויפגעשטעלט דעם פעלצקאָלנער און האט ארויפגעוואָרפן אויפן קאָפּ א שפּיצנטוך.ביידע זיינען אראפּ אונטן אין טויער צום צופאר, נישט אויסגערעדט קיין ווארט. א דראָשקע איז פארביי געפארן, און אהן איין ווארט האבן זיי זיך געלאזט צו זייער צוועק איבער דער פארשנייטער גאס.

פערדינאנד האט צייט אויף צייט געכאפּט א זייטיגן קוק אויף אירענען. זי איז געזעסן נישט אריר זיך צו טון, און פון איר פארשלייערט פּנים האבן די אויגן געגלאצט אין דער טונקל. אין עטליכע מינוט ארום איז די דראָשקע שוין געשטאנען פאר דעם הויז אויף דעם פּאַרקרינג. אירענע האט געווארט ביז פערדינאנד האט אנגעקלונגען און מ׳הט געעפנט דעם טויער. ערשט דאן איז זי ארויס, און ביידע האבן זיך געלאזט לאנגזאם די טרעפּ ארויף. פערדינאנד האט זיך דערפילט ווי אויפגעכאפּט פון א חלום, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך דאס גוט באקאנטע מיידל, וואס האט פארוואונדערט אנגעקוקט אים און זיין מיטגייערין.

„איך בעט אייך, פרעגט דאס פריילין", — האָט פערדינאַנד געזאגט, „צי וואלט זי אזוי גוט געווען אונז אויפצונעמען".

דאס מיידל האט נאריש געשמייכלט און געפירט דאס פּאָר אין סאַלאָן. די פלאמען פון דער סאָפּיט־ליוסטרע האבן אויפגעשטראלט, און פערדינאנדן האט געדוכט, אז ער זעהט צוויי פרעמדע מענשן, אירענען און זיך, שוועבן אין ווענעציאַנישן שפיגל, וואס איז געשטאנען געבויגן איבער דער שוואַרצער גלאנציגער פּיאַנאָ. פּלוצים איז אים דורך א געדאנק אין קאָפּ, אפשר האט זיך אירענע געלאזט פירן אהער בלויז מיטן מיין צו הרג׳ענען ווילהעלמינען? דער איינפאל איז פארשוואונדן פונקט אזוי גיך, ווי ער איז אים געקומען. אבער דאס יונגע מיידל, ווי אזוי זי איז איצט נעבן אים געשטאנען און האט לאנגזאם אראפּגענומען פונ׳ם קאָפּ דאס שפּיצנטוך, האט אים יעדנפאל אויסגעזעהן שטארק פארענדערט, מ׳קאָן זאגן, גאר ווי א פרעמד וועזן, וואס ער האט דעמס שטים נאך קיינמאל נישט געהערט.

ס׳האט זיך געעפנט א טיר און ווילהעלמינע איז אריינגעקומען אין א גלאט סאַמעטן שטוב־קלייד מיט אן אָפּענעם האַלז. זי האט דערלאנגט פערדינאנדן די האנט און האט באטראכט אים און דאס מיידל גיכער מיט א לוסטיגן שמייכל איידער פארוואונדערט. מיט שפּאס־ווערטער האט פערדינאנד געפּרובט דערקלערן דעם נאכטישן וויזיט. ער האט דערציילט, אז זיין מיטגייערין האט אין טאנץ געהאלטן בלויז אין איין רומען און קרוינען פריילין בישאָף, דאן האט ער זיך איינגעשטעלט פירצולייגן צו מאכן דעם דאזיגן נארישן וויזיט און איר באגלייטן, — ריזיקירט, אז מ׳זאל זיי ביידע אראָפּווארפן פון די טרעפּ.

„וואס פאלט אייך איין", — האט ווילהעלמינע אפּגעענטפערט, — „פארקערט, איך בין אנטציקט", זי האט דערלאנגט אירענען די האנט. „אבער איך מוז אייך בעטן גיין מיט מיר צום טיש, איך קום נאר וואס פונ׳ם טעאטער".

מ׳איז אריין אין א נעבענצימער. אונטער א גרינבליכן קרישטאלגלאק האבן דריי מאַטע גליִלאָמפּן באלויכטן א טיש געדעקט בלויז אויף העלפט. בעת פערדינאנד האט אראפּגענומען זיין פעלץ און אים א ווארף געטאן אויפן דיוואַן, האט ווילהעלמינע אליין אראפּגענומען אירענען דעם מאנטל פון די אַקסל און אים אויפגעהאנגען אויף א שטולאָנלען. דאן האט זי גענומען גלעזער פון דעם קרעדענץ, אנגעגאסן ווייסן וויין, אוועקגעשטעלט פאר אירענען און פערדינאנדן. ערשט דעמאלט האט זי זיך געזעצט, האט זיך גענומען רוהיג א שטיק קאלטפלייש פון דעם טעלער, צעשניטן, געזאגט: „מיט אייער דערלויב" און אנגעהויבן צו עסן. צייט אויף צייט האט זי געווארפן א גוטמוטיגן קוק, עפּיס ווי מיט אוויכן שמייכל, אויף אירענען און פערדינאנדן.

זי האלט דאס פאר נאטירליך, פאר זעלבסטפארשטענדיג, האט פערדינאנד געטראכט, א ביסל אומצופרידן. וואלט איך געקומען מיט דער כינעזישער קייזערין און וואלט איר מיטגעטיילט, אז מ׳האט מיך געמאכט פאר א מאַנדאַרין, איז וואלט זי זיך אויך נישט געוואונדערט. אייגנטליך אשאד, „ווארום פרויען, וואס שטוינען נישט קיינמאל, געהערן קיינעם נישט אין גאנצן..." דאס איז געווען טרויענהאָפּס א ווארט, וואס איז אים איצט נעפלדיג דורך אין קאָפּ.

„איז געווען פריילין אויפן באַל?", — האט ווילהעלמינע געפרעגט. פערדינאנד האט דערציילט, אז דער זאל איז געווען איבערפול, מייסטנס העסליכע מענשן; מיט דער מוזיק איז דאס אויך נישט געווען אמבעסטן. ער האט נאך אזוי גערעדט. ווילהעלמינע האט אים גוטגעשטימט געקוקט אין פּנים און האט זיך געווענדט צו אירענע׳ן מיט דער פראגע, צי איר באגלייטער איז געווען א גוטער טענצער.

אירענע האט צוגעשאָקלט מיט א שמייכל. איר „יאָ" איז קוים געווען צו הערן.

„פריילין, איר האט היינט געשפּילט „פעדאָראַ?", האט פערדינאנד געפרעגט צו דערהאלטן דעם געשפּרעך. „איז געווען א גרויסער עולם?"

„אויספארקויפט", האט ווילהעלמינע געענטפערט. אירענע האט זיך אנגערופן: „אַלס פעדאָראַ האב איך אייך ליידער נאך נישט געזעהן, פריילין בישאָף. אבער געזעהן אלס מעדיִיִע, דא נישט לאנג. דאס איז געווען גרויסארטיג".

„אהייסן דאנק".

אירענע האט נאך געזאגט איניגע ווערטער וועגן איר אנטציקונג, דערנאך האט זי געפרעגט ווילהעלמינען וועגן אירע געליבטע ראָליען; ס׳האט אויסגעזעהן ווי זי איז זעהר פאראינטערעסירט מיט יענערס ענטפערן. צולעצט איז דאס געקומען צו אן אויבערפלאכיגן צעמישטן געשפּרעך, וועמ איז גרעסער אלס ארטיסט, דער, וואס ווערט גאר פארשלונגען אין זיין ראָליע, אדער דער, וואס שטייט העכער פאר איר. באַ דער געלעגנהייט האט פערדינאנד דערמאנט, אז ער איז באקאנט געווען מיט א יונגן קאָמיקער, און יענער האט אים אליין דערציילט, ווי אזוי ער האט בעסער פאר אלע מאל אויסגעפירט א געוויסע לוסטיגע ראָליע גראד דעם טאג פון זיין פאטערס קבורה.

„איר האט לייטישע פריינט", האט דארויף ווילהעלמינע באמערקט און אראפּגעלאזט אין מויל א שטיקל מאַראַנץ.

ווי האלט דאס אייגנטליך? חאט פערדינאנד געטראכט. האט פריילין אירענע פארגעסן, אז זי האט געוואלט ווילהעלמינען אויסווארפן אין פּנים, זי איז אמערדערין... און געדיינקט נאך ווילהעלמינע איבערהויפּט, אז איך בין איר געליבטער, איך, וואס קומט צו איר אין מיטן נאכט מיט א פרעמדער יונגער דאמע...?

„איר האט אזאַ לעבעדיגן אינטערעס פאר טעאטער, פריילין", האט ווילהעלמינע באמערקט, „האט איר אפשר אמאל געקלערט אליין צו מאכן אזא קאַריער?"

אירענע האט געמאכט מיטן קאָפּ אויף ניין. „ליידער האב איך קיין טאלענט נישט".

„נו, איז דאנקט גאָט", האט ווילהעלמינע געזאגט, „דאס איז א זומפּ".

איצט, ווען זי האט אנגעהויבן צו דערציילן פון די נידערטרעכטיגקייטן, וואס מ׳האט אויסצושטיין אלס קינסטלערין פון אלע זייטן, האט פערדינאנד באמערקט, ווי אירענע קוקט ווי א צוגעשמידטע, צו אטיר, וואס דורך איר שפּאלט האט דאס בלויליך שעמערירט אהער. ער האט אויך באמערקט, ווי אירענעס פּנים, ביז אהער אומבאוועגט, האט זיך אנגעהויבן שטיל צו מינען אונטער דער בלאַסקייט, און די שווייגנדיגע ליפּן האבן נערוועז געציטערט. און אים האט געדאכט, אז ער

דערקענט אין אירע ברייט אויפגעריסענע אויגן א פארדארבענע לוסט ארייגצודרינגען אין דעם בלויליכן צימער און פארשטעקן איר פנים אין דער קישן, וואס גאַבריעלס קאפ זאל אמאל האבן גערוט אויף איר. דאַן איז אים איינגעפאלן, אז אויב אירענעס אויסבלייבן האט ביז איצט געקאנט בלייבן אומבאמערקט, איז קאן דאס איר דאך שלעכט אָפּגיין, אפשר אים אויך, ער האט ארוק געטאן מיט דער שטול.

אירענע האט זיך צו אים אומגעקוקט, עפּיס ווי אויפגעוואכט פון א חלום. אין דער לופט האבן נאך נאכגעקלונגען ווילהעלמינעס לעצטע ווערטער, וואס קיינער האט שוין נישט געהערט.

„ס איז שוין רעכט צייט, מיר זאלן גיין”, האט אירענע געזאגט און האט זיך אויפגעהויבן.

„איך באַדויער זעהר”, האט ווילהעלמינע אפגעענטפערט, „וואס איך האב נישט לענגער דאס פארגניגן”.

„אירענע האט זי באטראכט מיט א רוהיגן אויספרובקוק.

„נו, מיין קינד?” האט ווילהעלמינע געפרעגט.

„ס׳איז וואונדערליך”, האט אירענע געזאגט. „ווי אזוי פריילין איר דערמאנט מיר א בילד, וואס הייגגט ביי אונז אין שטוב: א קראָאַטישע אדער א סלאָוואַקישע פויערטע בעט אויף א פארשנייטן וועג פאר א הייליג בילד”.

ווילהעלמינע האט ערנסט צוגעשאָקלט, פּונקט ווי זי וואלט זיך קלאר דערמאנט דעם ווינטערטאג, ווען זי האט ערגיץ־וואו אין קראָאַציע געקניט אין שניי פאר יענעם הייליגן בילד זי האט געוואלט ניט אנדערש נאר אליין אנטון אירענעס דעם מאנטל אויף די אקסל און האט ארויסבאגלייט אירע געסט אין פאָרצימער. „נו, טאנצט פריילין ווייטער”, האט זי געזאגט „דאס הייסט, אויב איר פאָרט באמת צוריק אויפן באַל”.

אירענע איז געווארן טויטבלאס, אבער זי האט געשמייכלט.

„מ׳דארף זיך פאר אים היטן”, האט ווילהעלמינע צוגעגעבן און געווארפן אויף פערדינאנדן א קוק, דעם ערשטן אזוינעם וואס אין אים האט זיך געלאזט זעהן עפּיס ווי א דערמאָנונג פון דער פארגאנגענער נאכט.

פערדינאנד האט נישט געענטפערט. ער האט נאר געפילט, ווי אירענע באַטראכט אים און ווילהעלמינען מיט דעמזעלבן פינסטערן בליק.

ס׳האט זיך געוויזן דאס שטובמיידל. ווילהעלמינע האט נאכאמאל דערלאנגט אירע געסט די האנט, זי האפט גאר איינגיכן ווידער צו זעהן דאס יונגע מיידל באַ זיך. אין האט געשמייכלט צו פערדינאנדן, עפּיס ווי זי וואלט געוואונען באַ אים אן אפגערעדטע שפּיל.

דאס שטובמיידל האט זיי צוגעלייכט מיט אליכט; שווייגנדיג זיינען אירענע און פערדינאנד אראפּגעגאנגען די טרעפּ. באלד האט זיך דער טויער פארהאקט הינטער זיי. דער קוטשער האט געעפנט דעם צומאך, אירענע איז אריין, פערדינאנד האט זיך געזעצט באַ איר צו זייט. די פערד זיינען געלאפן איבער דעם שטילן שניי. פון אגאסלאמטערן איז פלוצעם געפאלן א שטראל אויף אירענעס פּנים. פערדינאנד האט דערזעהן, ווי זי גלאָצט אויף אים, האלבאפן די ליפּן.

„הייסט דאס, איר!”, האט זי שטיל אזאג געטאן. אים האט געדאַכט, אז אין איר שטים ציטערט שטוינען, שרעק און האס. זי איז געזעסן אין דער פינסטער. ווען זי וואלט געהאט א מעסער, וואלט זי אים מיר אריינגעשטעקט און הארצן? האט פערדינאנד געקלערט. אבער ווי דאס זאל נישט זיין, איך בין דא נישט שולדיג. בין איך דען נישט געווען מער א פרינציפּ, איידער... ער האט זיך געשלאגן מיט דער דעה, צי זאל ער ניט פּרובן איר אויפצוקלערן די זאך? ניט זיך צו פארענטפערן, נאר ווייל דאס דאזיגע קלוגע וועזן האט זיכער פארדינט, איר זאלן קלאר ווערן די אינעווייניגסטע פעדים פון דער גאנצער געשיכטע.

פלוצעם האט ער זיך דערפילט ארומגעקלאמערט און אויף זיינע ליפּן אירענעס ליפּן ווילד, הייס און זיס. דאס איז געווען א קוש, וואס אזוינעם, אזוי האט אים געדאכט, האט ער אויף זיין לעבן נישט געהאט, אזוי באשמעקט און סודותדיג און אהן אסוף. ערשט ווען דער וואגן איז שטיין געבליבן, האט זיך מויל פון מויל געשיידט.

פערדינאנד איז אראפּ און האט געהאלפן אירענען אראפּגיין.

„איר וועט מיר נישט נאכגיין”, האט זי הארט אויסגערעדט, און שוין איז זי פערשוואונדן אין אריינגאנג. פערדינאנד איז געבליבן שטיין דרויסן. ער האט קיין איין מינוט ניט געקלערט איר ניט צו פּאָלגן. ער האט געפילט קלאר און מיט אן אומגעריכטן ווייַ אז ס׳איז פארביי, און אז נאך דעם קוש קאן גארניט ניט קומען.

אין דריי טאג ארום האט ער דערציילט די וואונדער־מעשה אַנאַסטאַסיאוס טרויענהאָפן. פאר אים האט מען נישט געקאנט גארנישט פארשווייגן, ווארום צו האלטן אסוד פאר אים וואלט געווען פּונקט אזוי קינדיש, ווי פאר דעם ליבן גאָט.

„אשאד”, האט אַנאַסטאַסיאוס געזאגט נאך א קורצן קלער, „וואס זי איז נישט געווארן אייער געליבטע. אייער קינד וואלט מיך אינטערעסירט. קינדער פון ליבע האבן מיר גענוג, קינדער פון גלייכגילטיגקייט שוין צופיל, אבער קינדער פון האס — דאס פעלט אונז שטארק. און ס׳איז נישט אוממיגלאַך, אז גראד פון אייך וואלטן מיר געהאלפן געווען”.

„איר מיינט, הייסט דאס...” האט פערדינאנד געפרעגט...

„נו, וואס דען רעדט איר זיך איין?” האט אַנאַסטאַסיאוס שטריינג אפּגעענפערט.

פערדינאנד האט אראפּגעלאזט דעם קאָפּ און האט געשוויגן.

אין טאש האט ער שוין געהאט א בילעט אין שלאפוואגן קיין טריעסט. פון דאָרט איז ער געפארן ווייטער קיין אלעקסאנדריע, קאַאיר, אַסואַן... זייט דריי טאג האט ער אויך פארשטאנען, אז מענשן קאנען שטארבן פון ליבע אהן האפנונג... אנדערע מענשן געוויינטליך... אנדערע.

ארטור שניצלער

# טאג און נאכט.

פון בוך: „זעהנאר“.

טאג און נאכט.
דערפרוירענע ווארטן מיר, אין בייזן טאג,

אויף נאכט לבנה׳שער,
אויף לבנה צערטליכער.

דערשראקן ווארטן מיר, אין בייזער נאכט —
אויף טאג, דעם זונענדיגן,
אויף זון דערבאַרעמדיגער.

טאג און נאכט —
גרויס זיינען מיר זיי אין די אויגן, —
זיי ווארפן זיך מיט אונז.

— גאָר קליין זיינען מיר, גאר קליין —
פחד שלעפט אונז צו דער ערד,
ווי זיינס, ווי אייגנס.

וואוהין זשע זאלן מיר זיך הינטאָן,
קליינע?
וואוהין אונזער גרויסן ווייטאג הינטאָן?
ווייטאג?
ליבע?
סודות?

טאג און נאכט —
גרויס זיינען מיר זיי אין די אויגן,
זיי ווארפן זיך מיט אונז.

ל. קוויטקאָ

# אין פּרצ׳ס דרכים

דאס בוך פון אָפּאַטאָשו "אין די פוילישע וועלדער" ווייזט אן אויף א ציקאוון שטריך אינ׳ם יידישן לעבן פון דער היינטיגער צייט: אָט איז א יידישער שרייבער מיט א גענוג שטארקן טאלענט און א גענוג הויכער מדרגה פון גייסטיגער אנטוויקלונג; ער וואוינט אין איינעם פון די גרעסטע יידישע קיבוצים וואו עס זיינען שוין פון לאנג אן קאָנצענטרירט די געדיכטעסטע יידישע ארבעטער־מאַסן פון דער וועלט; להפך צו דעם ס׳רוב פון די אידישע ישובים אין די אנדערע גלות־לענדער פון די פריהערדיגע און צום טייל אויך פון היינטיגע צייטן מיט זייערע בטלנים, שלימזלניקעס, קרומע רוקנס, קרעמערלאך, סרסורים און סתם לופט־מענשן מכל המינים, פארמאָגט דער דאָזיגער אויבנדערמאָנטער קיבוץ א געזונטן, האראפאשנעם און פראדוקטיוון עולם, אין וועלכן עס קלאפּט דער דופק פון ענערגישע און שעפערישע טואונגען. דוכט זיך, אז פאר א שרייבער מיט א שארפן קינצלערישן חוש און א גייסטיג אנטוויקלטן אינטעלעקט, וואס האט תמיד פאר זיינע אויגן אנ׳עולם פון אזא מין, האט זיך דא באדארפט צו אנטפלעקן א גאנצע שפע פון קינצלערישע מאטיוון. עפּעס א קלייניגקייט דאס איז: די אין שטאָל און אייזן געשמידטע וועלט־שטאָט מיט איהר מאַכטיגן אָטעם, דער גוואלדאָוונער ריטם פון א קאָכעדיגער, אומברחמנות־ענערגישער ארבעט, דער שטענדיג רירעווידיגער, פלינקער און פארטאָנענער עולם, דער הילכיגער טריט פון די „ארבעטער־באַטאַליאָנען" און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער...

פאר א טאלענטפולן און אינטעליגענטן קינצלער האט אזא מין צענטער געדארפט ווערן אנ׳אמתע שמאלץ־גרוב, פון וועלכער ער האט געדארפט שעפּן אין פולע הויפנס; דאס איז דאָך עפּעס נישט טונעיאַדאָווקע און נישט כתרילאָווקע! און א מאָדנע זאך — דער טאלענטפולער קינצלער ווערט עפּעס גאר נישט נתפעל פון דעם דאזיגן גאנצן טאַראראַם: די אין שטאָל און אייזן געשמידטע וועלט־שטאט שפּייזט נישט זיין כח הדמיון, דער גוואלדאוונער ריטם פון דער אומברחמנות־ענערגישער ארבעט מאכט אויף איהם נישט קיין טיפן רושם, דער רירעוודיגער, פלינקער און פאַרטאָנענער עולם רופט ביי איהם נישט ארויס קיין באזונדערע ליבשאפט צו זיך און דער הילכיגער טראט פון די „ארבעטער־באַטאַליאָנען" וועקט נישט אין זיין נשמה קיין שום אפּקלאנג; עס ציהט איהם גראד אין די טונעיאדאווקעס און די כתרילאווקעס, און דוקא אין די טונעיאדאווקעס און כתרילאווקעס פון די גאָר אמאָליגע צייטן, בעת אין דער יידישער היים האט געוועלטיגט ביד רמה די „פינסטערע" חסידות מיט איהרע צדיקים און איהרע קלייזלאַך און די נישט ווייניגער פינסטערע רבנות מיט איהרע לומדים און איהרע בתי־מדרשים, בעת די יידישע גאַס האט אבגעהילכט נישט פון דעם מאכטפולן טראט פון די ארבעטער־באטאַליאנען, נאָר פון דעם קול פון די וואויל־לערנערס איבער די גמרות, בעת די קלענערע און גרעסערע יידישע ישובים האבן געשווימלט און געגריבלט פון בטלנים, כלי קודש, מקבלים, זיידענע יונגעמאנטשיקעס, סרסורים, מעקלערס, קליינע סוחרימלאך און קרעמער מכל המינים און אלע ווינקעלאך פונ׳ם יידישן לעבן זיינען דורכגעדרונגען געווען מיט א טיף „רעאקציאנערער" רעליגיע. אט אין די דאזיגע „פינסטערע" וועלט אנטלויפט אונזער דיכטער פון דער גרויסער וועלטשטאָט מיט איהר גרויסער אינדוסטריע און איהר געבענטשטער קלאַסן־באוואוסטזיניגקייט, אין דער דאזיגער „פינסטערער" וועלט אנטפלעקט ער יענע ליכטיגקייט און שיינקייט, נאך וועלכע ער האט אומזיסט געגארט אין דער אטמאָספערע פון ביזנעס און טומל. דארט געפינט ער א שפע פון מאָטיוון פאר זיין קינצלערישע פאנטאזיע, וועלכע האט געשמאכט אין דער יידישער אמעריקע מיט איר רעקלאמע־מאכעריי. אָטדארטן רוט ער זיך אפּ פון דעם טעמפּ־מאכענדיגען געפילדער פון דער וועלט־שטאטיגער ציוויליזאציע, וואו עס ליידט איטליכע נשמה, אין וועלכער עס קלאפּט אנ׳אמת דיכטערישע אָדער. און וואס איז דער חדוש, אז א טאלענטפולער שרייבער מיט אמתדיג־דיכטערישע באדערפעניש אנטלויפט פון דער אמעריקאניש־יידישער גאס אין די פוילישע וועלדער פון די אמאליגע „פינסטערע" צייטן מיט זייער „פינסטערן" לעבנס־שטייגער? לויט דעם באוואוסטן נוסח פון אונזער שפּאָגעל־נייער דעמאָקראטיע האט א געדיכט קאנצענטרירטער ארבעטער־קיבוץ מיט דער צייט פון זיך אליין געמוזט ארויסארבעטן א געזונטע, שטארקע און זאפטיגע קולטור להפך צו דער „פארשימעלטער" און זאפטלאזער קולטור פון די אמאליגע צייטן מיט זייער אבגעשטאנענעם לעבנס־שטייגער און זייערע דורך און דורך „רעאקציאָנערע" נטיות. אבער ווי אויף צו להכעיס האט דער בערך לאנגאָניגער קיום פון דעם „פראלעטארישן" ישוב אין אמעריקע ווייניג וואס אויפגעטון אין דעם תחום פון דער קולטור, נישט אין דער אלגעמיינער און נישט אין דער יידישער. לא די וואס דער יידישער ארבעטער־קיבוץ אין אמעריקע האט נישט באַוויזן צו באשאפן וועלכע נישט איז אייגענע קולטור מיט אנ׳אייגענעם פרצוף, האט ער אפילו נישט באוויזן אריבערצונעמען אין זיך די בעסערע און איידעלערע פארמען פון דער ארומיגער אזוי אנגערופענער „בירגערליכער" קולטור. מיר ווייסן גאנץ גוט, אז אין אמעריקא זיינען פאראן גרופּעס פון ערנסטע און דענקענדע מענשען, וועלכע פלייסן זיך מיט אלע כחות צו באשאפן אנ׳אמתדיגע יידישע קולטור; מיר ווייסן אז עס וואקסט דארט אַ יונגער יידישער דור, וועלכער איז פול מיט די בעסטע כונות און פונדסוועגען איז עס דאך א פאקט, אז די אמעריקאניש־יידישע ארבעטער־גאס האט איינגעזאפּט אין זיך דוקא נישט דאס בעסטע פון דער ארומיגער נישט־יידישער „בירגערליכער" קולטור; עס איז א באוואוסטער פאקט, אז צו דער אמעריקאניש־יידישער ארבעטער־גאס האבן זיך צוגענומען דוקא די ווייניגער איידעלע פארמען פון דעם אמעריקאנישן לעבן: אחוץ עטלאכע יידישע צייטונגען אין זשורנאלן, וועלכע סטארען זיך צו פארפלאנצען קולטורעלע נטיות אין השגות באם לייענער־עולם, אויף ווי פיל עס לאזט זיך אין די גרעניצן פון דער אמעריקאנישער ציוויליזאציע בכלל, זיינען דאך געוואהנלאך אמעריקאניש־יידישע צייטונגען נישט דער ערך „געלער" איידער די נישט־יידישע „בירגערליכע" צייטונגען אין אמעריקע, איז דער אמעריקאניש־יידישער טעאטר געדאנקענלאָזער איידער דער נישט יידישער „בירגערליכער"

טעאטער, די אמעריקאניש־יידישע ליטעראטור בכלל אסך
שוואכער הן לויט איר תוך אין הן לויט איהר פארם
איידער די נישט־יידישע „בירגערליכע” ליטעראטור, און
דער אמעריקאניש־יידישער בלאָף קאָמישער איידער דער
נישט יידישער ”בירגערליכער” בלאָף. דא איז נישט דער
ארט אויסצופאָרשן באריכות די סבות, וועלכע האָבן
געפירט צו אזא מין טרויריגע דערשיינונג. אפשר איז דאס
דערפאר, וואס די אינטעליגענטערע עלעמענטן פונ׳ם יידישן
עולם אין אמעריקא גייען ביסלעכווייז אוועק און אסימילירן
זיך מיט דער אמעריקאניש־קריסטליכער באפעלקערונג: און
אפשר זענען דא פאראן אויך אנדערע סבות. אבער אזוי צו
אזוי — דער פאקט בלייבט א פאקט: דער יידיש־פראָלע־
טארישער קיבוץ אין אמעריקע האט פאר דער גאנצער
צייט פון זיין בערך לאַנגן קיום נישט נאָר נישט
באוויזן צו אנטוויקלען אנ׳אייגענע גייסטיגע קולטור
פון וועלכן נישט איז אלגעמיין־מענשליכען באטייט,
נאר האט אריבערגענומען אין זיך דוקא נישט די
בעסטע מדות און גיינג פון דער ארומיגער נישט
יידישער „בירגערליכער” קולטור.

אַפּאַטאָשו פירט אונז אוועק אין די צייטן פאר דעם פוילישן
בונט פון דעם יאר 1860, אנ׳ערך ארום די 40—60 גער יארן
פון דעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט. אין דער יידישער וועלט
פאלן די דאזיגע צייטן צונויף מיט דער תקופה פון דער גרעסטער
פארשפרייטונג פונ׳ם חסידיזם צווישן די יידישע קיבוצים אין
פוילן, אוקריינע און צום טייל אויך אין ליטע, און פון דער
פולקאמער שליטה פוי׳ם חסידישן לעבנס־שטייגער אין דעם
יידענטום פון די אויבענדערמאָנטע קאנטן. אין דער אייגענער
צייט איז דאס אבער אויך דער אנהויב פון זיין גייסטיגער
ירידה. דער חסידיזם האט זיך שוין דאן אנגעהויבן אויס־
צוליידיגן פון זיין גייסטיגן תוך, כדי מגולגל צו ווערן אין
דעם אזוי אנגערופענעם צדיקיזם. דער מחבר פון די „פוילישע
וועלדער” וויקלט פאנאנדער פאר אונזערע אויגן דעם בילד
פונ׳ם אידישען לעבן אין יענע שוין א ביסל אומרוהיג גע־
ווארענע צייטן, ווען אין דעם שויס פון דער יידישער געזעל־
שאפט הויבט זיך שוין אן צוצוגרייטן דער אריבערגאנג צו
א מאָדערנער תקופה, אבער וועלכע זיינען נאָך פול מיט א
שטארקער גייסטיגער ענערגיע און דורך און דורך אנגעזאפט
מיט די בעסטע השפעות פון א רייכן קולטורעלן עבר. מיט
א האנד פון א געניטן קינצלער פירט ער פאָרביי פאר אונזערע
אויגן פראכטפולע טיפן פונ׳ם פארצייטיגן יידענטום, א רייכן
רענדאר, א מקובל, א צדיק, א שורה פון יידישע יונגע לייט׳
דערצויגן אינ׳ם גייסט פונ׳ם אלטען יידענטום, נאָר שוין פאר־
כאפט פון אומקלאָרע גאַרונגען נאך אנדערע האָריזאָנטן.
ער פירט אונז אריין אין דעם סאמען תוך פון אנ׳אומגע־
וואהנטלאך אויסגעהאלטענעם און פארטיפטן לעבנס־שטייגער,
פול מיט גייסטיגע איבערלעבענישן און רעליגיעזע בענק־
שאפטן, וועלכע שפילט זיך אפּ פאר אונזערע אויגן אין די
רעמלאך פון א רייכער, פרוכפארער און בליהענדיגער נאטור
מיט איהרע גרינע, בלומען־באזייטע לאנקעס, איהרע געדיכט־
בוימיגע, שמעקעדיגע וועלדער און איהרע שטילע און ברייטע
טייכן, וועלכע קייקלען בהרחבותדיג זייערע שפיגעל־גלאטע
וואסערן. דער מחבר צעשטערט דורך זיינע באשרייבונגען די
איינגעווארצעלטע מיינונג, אז דאס פארצייטיגע יידענטום איז
תמיד גיוועזן פארשפארט צווישן די ענגע גראטעס פונ׳ם געטאָ
און זיך תמיד געוואלגערט אין דער בלאטע פון די געטאָ־
געסלאך; ער ווייזט אונז אין זיינע באשרייבונגען דעם יידישן
לעבנס־שטייגער, ווי ער איז ענג צונויפגעוואקסן מיט דער
ארומיגער נאטור, מיט די פעלדער און וועלדער, מיט די לאנקעס
און טייך־ברעגען. ער ווייזט אונז ווי די יידישע רעליגיעזע
מיסטיק שפראָצט ארויס אויף א נאַטירלכן אופן פון דעם
פרוכפאַרן און בליהענדיגען ערד־שויס, און ווי ער טראגט אין
זיך תמיד די נטיה זיך ווידער צו פאראייניגען מיט איהם, און
מיר זעהען, ווי די דאזיגע רעליגיעזע מיסטיק ווערט דער פאר־
איידעלטער אויסדרוק פון דער ארומיגער נאטור אין א סימ־
באָלישער פארם. זעהר אינטערעסאנט זיינען אויך די באציהונגען
צום פוילישן יידענטום מצד דער נישט־יידישער סביבה לויט
דעם ווי זיי שפיגלען זיך אפּ אין די באשרייבונגען פונ׳ם
מחבר. צווישן דעם פוילישן יידענטום און דער קריסטליך־
קאטוילישער סביבה זעהען מיר לחלוטין נישט יענע סימנים
פון אכזריותדיגער שנאה, וועלכע זיינען אונז יידן אזוי גוט
באקאנט אין דער היינטיגער צייט. פאר דעם פריץ אזוי גוט
ווי פאר דעם פויער איז דער ייד לחלוטין נישט א פרעמדע
און שעדליכע בריה, וועלכע מען דארף עוקר מן השרש זיין,
נאָר מעהר נישט ווי אנ׳אנדער סאָרט מענש, וועלכער פאסט
אגב זעהר גוט אריין אין דעם גאנצן סדר פון דער מדינה.
מיר זעהען דא אויך נישט קיין סימנים פון דערשלאגענקייט
און שפלות מצד דעם יידן בנוגע צום נישט־יידן. פארקערט —
דער פוילישער וואלד־שומר פילט זיך זעהר געהויבן דורכדעם,
וואס דער רענדאר פארפירט מיט איהם א שמועס; דער פוילישער
פויער, וועלכער לאזט אריין צו זיך אין שטוב איבערנעכטיגן
מרדכ׳ן, דעם העלד פונ׳ם ראָמאַן און דעם זון פון דעם דאזיגן,
רענדאר, ווערט אויסר זיך פון התפעלות בעת ער ווערט געוואָר,
אז דער אומבאקאנטער אורח, וועמען ער האט אריינגעלאָזן
נעכטיגן איז דער זון פון דעם „פאַן שרייבער” אליין; און
נאך אנדערע סצענקעס פון דעם אייגענעם מין.

דער דאזיגער מרדכי שטייט אין דעם סאמען מיטלפונקט
פון דעם גאנצן ראמאן און ארום איהם גרופירן זיך דאס די
פארשיידענע פאסירונגען, פון וועלכע עס ווערט דאָ גירעדט.
דאס איז א בעל־הבתיש יונגל, וועלכער ווערט פון זיין פא־
טער, דעם רייכען רענדאר ר׳ אברהם, דערצויגן לויט דעם
אלטן יידישן נוסח, אבער נישט אין דער פארשטיקטער אַט־
מאָספערע פונ׳ם אלטן חדר, נאָר אין דער פרייער לופט פון
די ליפּאָוועצער וועלדער. דער מחבר באנוצט זיך מיט דעם
פשוט׳ן, פון לאנג אן באוואָרנטן מיטעל פון די עלטערע ראָ־
מאן שרייבער, ווען זיי ווילן געבן דעם לייענער א בילד פון
זייער דור: ער לאזט זיין העלד מאכן א נסיעה איבער דער
וועלט; צוליב א סכסוך, וואס האט זיך געטראפן צווישן מרדכ׳ן
און זיין פאטער איבער א נישט געוואונשענעם שדוך, שיקט
אים דער דאזיגער אוועק אין דער פרעמד, צום קאָצקער
צדיק, אין דער באלייטונג פון זיין רבי׳ן ר׳ איטשע דער מקובל.
און דאס גיט דעם מחבר די שעת הכשר אויסצומאלן מיט א
ברייטן פענזל און אין לעבעדיגע פארבן די פארשיידענע

סביבות, אין וועלכע דער העלד פון זיין ראמאן פאלט אריין. מיר האבן שוין דערמאנט וועגן דעם, אז די געמאלטע געשטאלטן און באשריבענע פאסירונגען האבן זיך דעם מחבר ס׳רוב גוט איינגעגעבן. פריש און לעבעדיג זיינען די בילדער פון די חסידים, וועלכע פארן צום רבי׳ן, בולט און קלאר איז דאס בילד פון דעם צדיק׳ס הויף מיט דעם גאנצן נעץ פון אינטריגעס, וועלכער ווערט גיוועבט ארום איהם. אבער דאס אליין וואלט אפשר נאך ניט געווען אזא גרויסע קינצלערישע מעלה. די געשטאלטן פון דעם אלטן פארצייטיגן דור — דאס איז א ברייט אויסגעטראטענער וועג, אויף וועלכן עס לאזט זיך גיין אהן שום מניעות. אבער דער מחבר האט אויפגעכאפט מיט א פיינעם חוש דעם באוועגונגס־ריטם פון יענע צייטן אין זיין גאנצער לעבעדיגקייט און פרישקייט און האט אונז געלאזט פילן דעם דופק־קלאפן פון א גרויסן און אינטערעסאנטן דור — און דאס איז א קינצלערישע מעלה, וועלכע מען טרעפט נישט אזוי אפט, בפרט אין אונזער צייט. און אחוץ דעם אלטן פארצייטיגן דור מיט זיין שארף ארומגעגרעניצטן פרצוף און זיינעם פון קדמונים אן פארגליווערטן לעבנס־נוסח לעבט דא נאך א יונגערער, זוכנדיגער און גאַרנדיגער דור, וואס הגם ער אליין געהערט שוין אויך דעם ווייטן עבר, איז דאך זיין גייסטיגער פרצוף עד היום געבליבן אביסל מטושטש. צום דאזיגן יונגערן דור געהערט דער העלד פון׳ם ראמאן גופא און א גאנצע שורה פון זיינע חברים און גוטע פריינט. איבערצוגיבן די איבערלעבענישן פון אטדעם דאזיגן יונגערן דור מיט דעם נויטיגן קינצלערישן אמת איז גאר נישט קיין גרינגע אויפגאבע. דער מחבר איז אויך דאָ ארויס בשלום. די ערשטע ספקות בא דעם בתמימותדיגן מרדכי, די אנשטעלן און די פאלשע געננג פון זיין איבערגעשפיצטן חבר שמואל, דאס פארכאפט ווערן פון פויליש־פאטריאטישע שטימונגען בא דער אפגעפאלענער יידי׳שער אינטעליגענץ — דאס אלץ ווערט איבערגעגיבן מיט דעם חוש פון אנ׳אמת׳ן דיכטער.

אז מען רעדט פון א יידישן מחבר מוז מען זיך באזונדער אפשטעלן אויף זיין שפראך, ווארום די שפראך איז איינע פון די אנגעווייטיגסטע ערטער אין דער יידישער ליטעראטור. דער ענין פון דער שפראך שפילט אין דער יידישער ליטעראטור אהן אנ׳ערך א גרעסערע און חשובערע ראָלע איידער אין אלע אנדרע ליטעראטורן פון א געוויסן קולטורעלן באטייט. אין אלע אנדרע ליטעראטורן פון א געוויסן קולטורעלן באטייט פארמאגט די שפראך אזוי פעסט איינגעפונדעוועטע און אזא שפע פון כלערליי בא אלעמען אנגענומענע אויסדריקן, אז פון דעם אדער יענעם אויפן ווי דער יחיד באנוצט זיך מיט איר איז נאך גאר נישט ניכר, אויף וואס פאר א קינצלערישער און אינטעלעקטועלער מדרגה דער דאזיגער יחיד געפינט זיך; און א חוץ דעם קאן דער אדער יענער אופן פון דעם באנוצן זיך דא צו קיין שום סכנה נישט ברענגען. די יידישע שפראך געפינט זיך אבער לעת עתה אין אזא מצב פון אינעווייניגסטער אומזיכערקייט, וואס גרעניצט כמעט מיט אנ׳אינעווייניגסטער דעזארגאניזאציע, אז זי גיט דעם יחיד די פולע מעגליכקייט ארויסצווייזן זיין קינצלערישן חוש און זיין גייסטיגע אנטוויקלונג כמעט אין איטליכער שורה; דער אדער יענער אופן פון דעם באנוצן זיך מיט איהר זאגט תיכף א קלארע עדות הן פון דער מדרגה פון זיין קינצלערישער פיינקייט, הן פון דער מדרגה פון זיין אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג, און קאן אחוץ דעם אפטמאל משפיע זיין צום גוטן אדער צום בייזן אויך אויף דעם גורל פון דער ליטעראטור.

דער מחבר פון די „פוילישע וועלדער" פארמאגט א רייכן און זאפטיגן יידיש, וועלכער דערהויבט זיך אין אנדרע ערטער צו א גרויסער קינצלערישער הויך. און פונדעסטוועגן איז אפילו אזא פיינער קינצלער ווי אונזער מחבר לגמרי נישט פריי פון דער אייביגער צרה פון אלע היינטיגע יידישע שרייבער, דער מוראדיגער נישט־אפגעהיטקייט בנוגע צום שפראכליכן געצייג, מיט וועלכן זיי ארבעטן. וואס פאר א שרעקליכע אפגעלאזנקייט מצד פון אונזער מחבר בנוגע צו די פשוטסטע אויסדריקן און פארמען, אנ׳אפגעלאזנקייט, וועלכע דערגייט אפטמאל ממש ביז צו פולקאמע הפקרות! קודם כל באנוצט ער זיך מיט א שלל פון דייטשמערישע אויסדריקן אהן קיין שום נויטיגקייט. און עס איז ביי אונז קיין שום ספק נישטא אין דעריין, אז ער וואלט זעהר גוט געקאנט אויסקומען אהן זיי. דער מחבר שרייבט: קלימפערן, פעאיג, באהאנדעלט, געערגערט, אויסנאם, געוויספערט, ערפאלגרייך, רונד, באגאנגען, פיליכט, געמינצט, בוכשטאבן, הויזן (לעבן בשלום), און אנדערע לחלוטין דייטשישע אויסדרוקן געשריבן מיט די אותיות פונ׳ם יידישן אלף־בית. אויב מען מעג זיך באנוצן מיט אזוינע דורך און דורך דייטשישע ווערטער ווי קלימפערן, געוויספערט, געמינצט, געערגערט, פיליכט, ערפאלגרייך און הויזן, טא פאר וואס זאל מען שוין אין גאנצן נישט שרייבן קיין דייטש? אבער דאס דייטשמעריש איז שוין אנ׳אלטע קרענק, פון וועלכער עס איז זעהר שווער זיך אויסצוהיילן אין גאנצן; עס דייטשלען זיך ס׳רוב אזוינע שרייבער, וועלכע זיינען לא־עלינו גרויסע עמי־הארצים אין דעם פרט פון דער דייטשישער שפראך און דער דייטשישער ליטעראטור. עס שטעקט נאך אין דעריין א שטיק פון דער אלטער קליינשטעטילשער בטלנות. ערגער ווי דאס דייטשמעריש איז ביי אונזער מחבר זיין משונהדיגע באציהונג צו דער יידישער גראמאטיק. פראסטע מענשן פלעגן אפטמאל טענה׳ן, אז יידיש איז נישט קיין שפראך, ווייל זי האט נישט קיין גראמאטיק. געמיינט האבן זיי, פארשטייט זיך, א געשריבענע גראמאטיק, נישט וויסנדיג, אז א שפראך אהן גראמאטיק איז ניט בנמצא, ווי עס איז ניט בנמצא אנ׳ארגאניזם אהן א פארם. לייענענדיג אבער אונזערן מחבר קאן מען טאקע אין דער אמת׳ן מיינען, אז יידיש האט נישט קיין גראמאטיק! דער מחבר שרייבט: דאס געזאנג, דאס חדר, דאס חסידות אנשטאט דער געזאנג, דער חדר און די חסידות.

מען זעהט באשיימפערלאך, אז דער מחבר באנוצט דעם ארטיקל אהן אַ שום שטה אמאל אזוי און אמאל אזוי, ווי עס פארווילט זיך אים, אזוי ווי יידיש וואלט גאר נישט געהאט קיין באשטימטע כללים אין דעם דאזיגן פרט. דער מחבר שרייבט אין אנ׳ארט פון זיין בוך (ז. 260): „צו ס׳זאל אלץ האבן גיוועזן א חלום?" אנשטאט צו שרייבן „צו ס׳זאל

אלץ גיוועז זיין א חלום?״ ווארום מען זאגט דאך נישט: איך האב, דו האסט, ער האט גיוועז, נאר איך בין, דו ביזט, ער איז גיוועז. דעם אייגענעם גרייז מאכט ער אין אנ׳אנדער ארט פון זיין בוך (ז׳ 201), וואו ער שרייבט: „איר זייט דען גיהאט ארויסגעגאנגען?״ אנשטאט צו שרייבן: „איר זייט דען ג׳וועז ארויסגעגאנגען?״ — ווארום מען זאגט דאך נישט: איך האב, דו האסט, ער האט ארויסגעגאנגן, נאר איך בין, דו ביסט, ער איז ארויסגעגאנגען. ווידער אין אנ׳אנדער ארט, (ז׳ 66) שרייבט ער: „טריף געמאכט די רעביצינס שאלות״ אנשטאט צו שרייבן: טריף גימאכט דער רביצינס שאלות — די שאלות פון דער רביצ׳ן.

ווי עס איז ניכר פונם בוך קאן דער מהבר זעהר גוט העב־רעאיש, און ווי עס ווייזט אויס איז ער אפילו א בר אוריין. און נישט קוקנדיג אויף דערויף איז ער אויך דא זעהר אפ־געלאזן; ער שרייבט: מדחיק גיוועז אנשטאט דוחה גיוועז, הויות אנשטאט העויות (הויות אהן אנ„ע״ האט אין העברע־איש גאר אנ׳אנדער באטייט), בדחילה ורחימה אנשטאט בדחילו ורחימו, נפשימלאך אנשטאט נפשותלאך, „נאכל ונשתה כי מחר נמות״ אנשטאט „אכול ושתו כי מחר נמות״ ווי עס שטייט אין פסוק (ישעיה כ״ב, פסוק י״ג).

ד״ר ר. זעליגמאן.




פונ׳ם האנטשריפט תנ״ך רייכלין I, קארלסרוהע, רייכלינ׳ס ביבליאטעק.
From the Bible Codex Reuchlin I, Karlsruhe, Reuchlin Library.

# גערשענזאנס אפזאג פון קולטור[1]

א מערקווירדיגע ערשיינונג איז אָט דער גערשענזאן. ער איז איינער פון די בעסטע רוסישע סטיליסטן, איינער, וואס זיין גלייכן איז שווער צו געפינען צווישן די געקינסטעלטע און פילווארטיגע שרייבער פון היינט; א טיפער און ערנסטער אויספארשער פון דער סלאוואפילישער ליטעראטור; א ביאָ־גראף און גלענצענדער עסאיסט, וועלכער האט א סך מחדש געוועז אויף דעם געביט, מיט איין ווארט: א ריכטיגער ישראל, וואס איז געפאנגען געווארן צווישן די גויים.

גערשענזאן האט לאנג ארומגעבלאנדזעט אין די פעלדער פון דער אייראפעאישער קולטור, וואס אין אירע קוואלן האט ער געגלויבט צו שטילן זיין דארשט, וואו ער האט געזוכט זיינע קולטור־ווערטן און אפילו זיין גאט — מיט א סך אנ־דערע רוסישע „גאטזוכער״ צוגלייך. באזונדערס האט ער זיך פארטיפט אין די גאטזוכענישן פון איינציגע העכסט אָריגי־נעלע רוסישע דענקער, וואס פאָר אים זיינען זיי געוועז ווייניג באקאנט, — פון א פעטשאָרין, א טשאַדאַיעָוו, און אנדערע, אַלץ אזוינע רעליגיעזע דענקער, וואס האבן געשטרעבט צו גע־פינען א סינטעז, אן אויסגלייך צווישן דער רוסישער וועלט־אנשויאונג און דער מערבדיגער קולטור. גערשענזאן איז געוועז ניט נאָר אַ טרוקענער מאטעריאל־זאמלער, ניט נאָר א ביאָגראף פון אָט די אינטערעסאנטע פערזענליכקייטן, נאָר ער האט אויך געהאפט צו געפינען אין זיי פארבילדער, מורה־

[1] פארגל. זיין קארעספאנדענץ מיט וויאטשעסלאוו איוואנאוון:
„Переписка из двух углов“, Москва-Берлин, 1922 г.

דרך׳ס און וועגווייזער פאר די בלאנדזשעדיגע גייסטער פון אונזער אייגענער צייט. אייראפא האט ער ליב געהאט מיט זיין גאנצן הארצן, מיט דעם גאנצן ישות זיינעם. ער האט הויך געשעצט איר פילאזאפיע, איר וויסנשאפט, אירע מאנומענטאלע ווערקע, — סיי אין דער קונסט און סיי אין דעם סאציאלן און פאליטישן אויפבוי פון דער געזעלשאפט. די בענקענדיגע, ליריש־געשטימטע סלאווישע סטיכיע — אין פארבינדונג מיט דער מערבדיגער טעכנישער שאפונג — האט געדארפט געבן, לויט זיין איבערצייגונג, דעם ריכטיגן טיפקולטור, וואס די היינטיגע צעריסענע און צעשפאלטענע מענטשהייט נייטיגט זיך אזוי אין איר.

אזוי איז דאס געגאנגען ביז צו דער וועלט־מלחמה, ביז צו דער רוסישער רעוואלוציע.

ביז דאן האט מען זיך געקאנט שפילן אין קולטורעלע „סינטעזן”, אויפשטעלן אלערליי סכעמעס, בויען לופט־שלעסער, פארבינדן, פאראייניגן, זוכן אן אויסגלייך. מען האט דאס רוהיג געקאנט טאן דערפאר, ווייל עס האט געפעלט דער לעבעדיגער „קאנטראל” פון דער געשיכטע, ווייל יעדער איז געווען פריי אין זיינע סוביעקטיווע זוכענישן, אין די ענטפערן אויף די פראגן, וואס ער האט זיך געשטעלט.

נאָר עס האט א דונער געטאן די גרויסע רעוואלוציע, „די גרונדפעסטן פון דער ערד זיינען אויפגעטרייסלט געווארן”, און פאר א סך מענטשן, אפילו פאר ריין טעארעטיש דענקענדיגע, — איז געווארן אונמעגליך צו שפינען ווייטער דאס אלטע שפינוועבס פון זייערע חלומות, ווי זיי זיינען געוויינט געווען צו טאן ביז אהער....

א קורצע צייט נאך דער רעוואלוציע באגעגענען זיך גערשענזאן און זיין פריינד וויאטשעסלאוו איוואנאוו אלס נאענטע שכנים (זיי פארנעמען צוויי „ווינקלען” אין דעם זעלבן חדר) אין דער סאנאטאריע „פאר די טוער פון ליטעראטור און וויסענשאפט” אין מאסקווע, וואו יעדערער „פון זיין ווינקעל אויס” טיילט זיך מיט זיין חבר מיט די איבערלעבונגען, וואס ער האט פאר דער צייט געהאט. אָט אָ די געדאנקען און שטימונגען — אין פארם פון „בריוו” — בילדן פאר אונז זייער א אינטערעסאנטן „מענטשליכן דאָקומענט”, וואס לאזן אונז טיפער אריינבליקן אין דער נשמה פון צוויי זייער נאענטע דענקער און דאך — פון אזא פארשיידענעם שטייגער.

דער קריסט, ד ע ר  ה י י ד, דער עסטעט — ווי איוואנאוו — האלט נאך אלץ אין יראה — איצט אזוי ווי פריער — די געצן, פאר וועלכע ער האט זיך תמיד געבוקט. ער פארטיידיגט די מענטשליכע קולטור אין איר גאנצקייט, מיט אלע אירע פארצווייגונגען; ער נעמט אן דעם גאנצן, „סבל הירושה”, מיט וועלכן מיר זיינען באלאסטעט און, „גאטספארכטיג רויכערט ער וויירויך אויף דעם מזבח פון „זכרון” — דער מוטער פון די מוזען”[1]. אבער גערשענזאן ד ע ר  י י ד — קען ניט בלייבן רוהיג אין א ריינער, אביעקטיווער אנשויאונג, ווי אמאל. אין די גרויסע געשעענישן פון אונזער צייט האט ער דערפילט דעם

[1]) Переписка, זייט 25—26.

אטעם פון דער געשיכטע, וואס דארף איבעראנדערשן אלץ, באנייען די מענטשהייט פון קאפ ביז די פיס[1].

„איך פארמשפט ניט די קולטור — לייענען מיר בא אים — איך זאג נאר עדות: מיר איז ענג און דומפיג אין איר. איך בין מיד געווארן צו טראגן דעם אלטן שווערן יאך; פון אונטער דער לאסט פון קענטענישן און געוויינהייטן איז אויפגעגאנגען דער בראשית׳דיגער גייסט אין מיר, פון אינעווייניג איז געווארן קלאר און שטארק אין מיר א ריינער, א פשוטער געפיל, וואס איז פונקט אזוי אומאפרעגליך, ווי דער געפיל פון הונגער אדער פון ווייטאג”[2].

„איך ווייס צו פיל — זאגט ער ווייטער — און די דאזיגע משא דריקט אויף מיר. צו מיינע קענטענישן בין איך דערגאנגען ניט אין א לעבעדיגער ערפארונג; זיי זיינען אלגעמיין און פרעמד, זיי שטאמען פון זיידעס און עלטער־זיידעס; מיט דער פארפירערישקייט פון לאגישע באווייזן זיינען זיי אריינגעדרונגען אין מיין פארשטאנד און האבן אים אנגעפילט; און דערפאר טאקע, וואס זיי זיינען אלגעמיין און איבערפערזענליך־באוויזן, ווערט דורך זייער אומאפרעגלעכקייט מיין נשמה פארגליווערט. אומצייליגע קענטענישן, ווי מיליאנען אומצערייסלעכע פעדים, האבן מיר ארומגעוויקלט — אלע אָן א פרצוף און אָן אפרעגונג, — אלע אונפארמיידליך ביז צום גרויל”[3].

גערשענזאן איז זיך אלזא מודה, אז ער האט זיך גענארט אין זיינע פריערדיגע זוכענישן, אז דאס קען אים ווייטער מער ניט באפרידיגן, ניט בארואיגן. פאר אים איז קלאר געווארן, אז אלץ, וואס ער האט פריער מיט אזוי פיל מי און ליבע ארויסגעגראבן און וואו ער האט געהאפט צו געפינען „קוואלן פון דערקוויקנדיגן וואסער”, איז ניט מער ווי א נעץ פון טרוקענע דאגמאטיש־פילאזאפישע ספעקולאציעס, וועלכע הרגענען אוועק דעם גייסט, יעדן פרישן געפיל אין מענטשן, און זיינען ניט בכוח צו דערנענטערן אים צו דעם אמתן, לעבעדיגן גאט. דאס ברענגט גערשענזאן דערצו, אז ער הייבט אן צו צווייפלען אין דער גאנצער היינטוועלטיגער קולטור, זיך אפצוזאגן פון „אלע שכלדיקע דערגרייכונגען פון דער מענשהייט”[4], און זוכט נייע וועגן ווי אזוי צו שטילן זיין גייסטיגן דארשט.

„מיר דוכט זיך, — לייענען מיר בא אים אין אן אנדער ארט[5]: — וואס פאר א גליק וואלט דאס געווען, זיך א ווארף צו טאן אין דער ל ע ט א (טייך פון פארגעסן), כדי עס זאל זיך אפוואשן פון דער נשמה יעדער זכר וועגן רעליגיעס און פילאזאפישע סיסטעמען, וועגן וויסנשאפטן, קונסטן אין פאעזיע, און ארויסשווימען אויפן אנדערן ברעג, ווי אדם הראשון, נאקעט, לייכט און פריידיג, אויסשפרייטנדיג צום הימעל די אנטבלויזטע הענט און געדענקענדיג פון דער פארגאנגענהייט נאר איין זאך: ווי שווער און דערשטיקנדיג עס איז געווען אין די אלטע קליידער, און ווי לייכט עס איז אן זיי”.

דעם אויבן געשילדערטן נשמה־צושטאנד פון גערשענזאן דארף מען ניט צונויפמישן מיט יענע „אפזאגן פון

[1]) זיין סאציאלן געדאנק אנטוויקעלט גערשענזאן אין דעם אכטן בריוו, זייט 41—43.
[2]) פערטער בריוו, זייט 16. [3]) זייט 16—17. [4]) זייט 11. [5]) דארטן־גופא.

קולטור", ווי מיר קענען זיי פון די ליטעראַרישע און רעליגיעז־פילאזאפישע באוועגונגען, וואס זיינען פארבונדן מיט די נעמען פון רוסא אדער גראף טאלסטאי. בא ניט יידישע דענקער טראגן אזוינע באוועגונגען דאס רוב דעם כאראקטער פון פארניינען די קולטור איבערהויפט, פון צוריקקערן זיך צו א ריין פרימיטיוון צושטאנד פון דער געזעלשאפט. דאס קומט בא זיי געוויינליך פון א געפיל פון איבערמידונג, אלס רעאקציע קעגן א צו אינטענסיוון, א צו גערוישפולן פערזענליכן לעבן. ווען א ייד אבער נעמט זיך פאר אזא צערשטערונגס־ארבעט, איז דאס ניט דערפאר, וואס אים פערזענליך איז מיאוס געווארן דאס קולטורעלע לעבן איבערהויפט, נאר ווייל ער האט דערפילט די פאלשע טענדענצן פון דער היינטיגער ציוויליזאציע, ווייל עס האט אנגעהויבן צו דריקן אויף אים איר היידנישער אייבערגעביי, אירע פארשיידענע אומגעזונטע אויסוואוקסן און אנשיכטונגען, און ניט ווילנדיג הייבט זיך אים אן צו חלומען און צו בענקען נאך א ריינערן לעבן, נאך א הייליגער איינארדנונג פון דער געזעלשאפט, נאך א איבערקערעניש אויף אלע געביטן פון דער מענטשליכער קולטור.

גערשענזאן "וויל ניט צוריקברענגען די מענטשהייט צו דער וועלטאנשויאונג און דעם לעבן פון די פידזשיאנער", "וויל ניט פארגעסן דעם אלף־בית און פארטרייבן די מוזען" [1], ער "וויל ניט צוזאמען מיט דעם וואסער ארויסגיסן אויך דאס קינד פון דער וואנע" [2]. קעגן וואס ער פראטעסטירט, איז דער "גיפט", דורך וועלכן דער "לעבעדיגער קוואל פון אונזער גייסטיגן זיין איז פארסמט געווארן", קעגן די "געצן", די "פעטישן", די טויטע "מומיעס", אין וועלכע עס האבן זיך מיט דער צייט "פארוואנדלט די אמאליגע גרויסע אנטפלעקונגען פון אמת, וואס זיינען אנטפלעקט געווארן צו אונזערע אבות" [3]. און אזוי ווערט מיט יעדן "בריוו" זיינעם אלץ מער און מער אויפגעדעקט דער "בילדערשטורמער", דער ראנגלער מיט "אפגעטער", מיט "ווערטן־וואמפירן", ווי ער דריקט זיך אויס, וועלכע פאדערן פון אונז די גרעסטע קרבנות, און פאר וועלכן די בעסטע מענטשן פון אונזער צייט בוקן זיך אפט אומבאוואוסט פאר זיך אליין [4].

דורך אט דעם ארט, ווי דער בר־פלונתא גערשענזאנ'ס — דער היידניש־עסטעטישער וויאטשעסלאוו איוואנאוו נעמט זיך אן פאר די "געצן", אויף וועלכע זיין פריינד און געגנער פארמעסט זיך מיט דער האנט, ווערט בעסער פאר אלץ בולט דער קעגנזאץ, די גייסטיגע מחיצה, וועלכע טיילט זיי ביידן אפ. דורך דער דאזיגער געגנערשאפט ווערט אויסגעקריסטאליזירט גערשענזאנ'ס "סעמיטישקייט", וועלכע וואלט אזוי געבליבן פון אונז פארבארגן — יענע "אטאוויסטישע" בענקשאפט און אומבאוואוסטע שטרעבונג צו דער ריינער לופט פונם "מדבר", וואס איוואנאוו האט אזוי פיין ארויסגעפילט און אזוי סימבאליש־בילדלעך געשילדערט.

דורך דעם צוזאמענשטויס פון ביידנס וועלטאנשויאונגען — ריכטיגער שטימונגען און נשמה־צושטאנדן — פארשטייען מיר בעסער די אייגנטליכע פאזיציע פון גערשענזאנען, עס ווערט פאר אונז אויפגעדעקט דער אינטימער "פאטאס" פון זיינע נייע זוכענישן. אזוי ווי דער יידישער נאציאנאל־קול־

[1] זייט 36. [2] זייט 37. [3] דארטן־גופא. [4] זייט 44.

טורעלער באוואוסטזיין איבערהויפט האט זיך ארויסגעקריסטאליזירט מער פאר אלץ א דאנק דעם צוזאמענשטויס און דער "גויאישער" רעאקציע קעגן דעם יידנטום מצד דער מאדערנער אייראפעאישער קולטור, — א רעאקציע, וואס ס'איז ניט ריכטיג אלעמאל צו באצייכענען מיט דעם ווארט "אנטיזעמיטיזם" — אזוי אויך — אין אונזער ספעציעלן פאל — איז דער "גויאישקייט" פון זיין פריינד באשערט געווען צו שפילן די ראלע פון א "הייבאם" ביים געבארן ווערן פון גערשענזאנס נייעם — יידישן — באוואוסטזיין.

זעענדיג, אז דער טעארעטישער וויכוח צווישן זיי ווערט אלץ מער פארוויקלט און פארפלאנטערט, אבער צו קיין אויסגלייך, צו א קלארן פועל־יוצא האט ער ניט געפירט, — פרובט איוואנאוו צוגיין צו דער זאך פון אן אנדער זייט — פון דער פסיכאלאגיש־פערזענליכער. א פאר אויסדרוקן ביי גערשענזאנען, ווי "מומיעס", "געצן", "פעטישן" און פון דער אנדער זייט דאס בילד פון דעם "בארג נבו", פון וועלכן משה האט געזען דאס צוגעזאגטע לאנד [1], — אזעלכע רמזים זיינען פאר אים געווען גענוג, כדי אינטימער אריינצודרינגען, צו רעקאנסטרואירן די וועלט־אנשויאונג, די חלומות און בענקענישן פון זיין פריינד.

איוואנאוו כאפט אונטער דאס דאזיגע בילד פון דעם "צוגעזאגטן לאנד", וואס חלומט זיך גערשענזאנען און ווינקט אים פון ווייטן, און די דאזיגע סימבאלן ווערן, וואס ווייטער, אלס קלארער און קאנקרעטער, ביז זיי וואקסן ארויס אין א וואנט, הינטער וועלכער דער גאנצער גערשענזאן פארבאהאלט זיך און ווערט נעלם פון זיין פריינד'ס אויגן.

"איר האט פיינט מצרים", — רופט ער אים צו: — "עס איז אייך נמאס געווארן איר "מומיען־קולטור" מיט איר גאנצער חכמה, וואס שטילט ניט אייער דורשט מער". "אייער נע־ונדישע אומבאזעסנקייט און אייער ברענענדיגן דארשט נאך קאלט וואסער, — דעם אלטן דארשט פון דער פערציגיאריגער וואנדערניש אינ'ם מדבר, — וועט איר ניט אוועקגעבן פאר די פליישטעפ פון מצרים, פאר אירע טעמפלען, פיראמידן און מומיעס, און די גאנצע חכמה און אלע מיסטעריעס פון מצרים". "א גליקלעכן וועג אין דעם צוגעזאגטן לאנד אריין, ווילט זיך אייך נאכשרייען, ווארים וועגן איר קלערט איר און זי חלומט זיך אייך, אירע וויינשטאקן און אירע פייגנבוימער ("יעדערער וועט זיצן אונטער זיין פייגנבוים", ווי עס שטייט געשריבן), אירע אומענדלעכע פרוכט־פעלדער און קאלטע קוואלן, אבער וואו זי געפינט זיך און וואס אזוינס איז זי, — צי זי איז בכלל ניט פון יענער זייט פון אונזער ווירקלעכער וועלט, — דאס אינטערעסירט אייך כמעט גאר ניט צו וויסן: אבי נאר קומען אהינצו (און קומען מוז מען צו איר, ווארום זי איז דאך "צוגעזאגט" געווארן!), אדער וויי־ניגסטענס דערזעהן זי פון דערווייט" [2].

און ווייטער גיט ער פון גערשענזאנען אזא כאראקטעריסטיק: "עס באוועגט אייך, דוכט זיך מיר, א טיפער און פארבארגענער אימפולס, וועלכער איז פָאלַאריש אנטקעגנגעזעצט יענע אימפולסן, וואס זיינען אין אלע דורות געווען די סיבה פון דער אייביגער געצנשאפונג, וועלכע הייסט אין דער הייליגער

[1] זייט 30. [2] זייט 46.

שריפט „היידנטום״.... איר אבער, אומבאוואוסט פאר זיך אליין, זייט א טיפישער רעפרעזענטאנט פון אן אנדערער — אויך זייער אלטער — שטרעבונג צו בילדער־שטורמעריי״[1].

אין ענטפער אויף די דאזיגע אויספירונגען פון זיין פריינד איז גערשענזאָן אָפן מודה, אז ער קען ניט אננעמען, ווי איוואנאוו, דעם ביזאהעריגן היסטארישן גאנג, אז „דער אמת פון דער געשיכטע איז אין קיין איינציגן פונקט ניט גע־הייליגט פאר אים״[2]. וואו נאר ער זעט אן אומריכטיקייט, א פאלשקייט — זאגט ער גאנץ אָפן: „דו ביסט א ליגן, איך קען זיך פאר דיר ניט בוקן״[3]. „איך זאג צו פערונען (דעם אלט־סלאווישן גאט): דו ביסט א הילצערנער געץ און ניט קיין גאט; גאט שפיר איך אלס א אומזיכטבארן און אומעטום־זייענדיגן; איר אבער פלייסט זיך מיר איינצורעדן, אז דער דאזיגער געץ איז דער סימבאל פון מיין גאטהייט, און אזוי ווי נאר איך וועל ארייננדרינגען אין זיין באהאלטענעם זין — וועט ער בא מיר ווערן א „במקום״ פון א גאט״... „איך געדענק אלע קרבנות, וואס מען האט אים געבראכט, און איך טראכט אויך וועגן דעם, וואס ס׳וועט מיר נאך אויסקומען טאג־טעגליך צו ברענגען אים — לויט דער אנווייזונג פון זיינע כוהנים, — שווערע, בלוטיגע קרבנות!״ „ניין, ניין! דאס איז ניט מיין גאט! מיין גאט איז אן אומזיכטבארער, — ער פאדערט ניט, ער שרעקט ניט, ער קרייציגט ניט!״[1]

אין דעם לעצטן „בריוו״ זיינעם מאכט גערשענזאָן נאך א שריט ווייטער און איז זיך מודה ומתודה אזוי: „איך לעב (צווישן אייך) ווי א פרעמדער; איך בין געליבט פון די איינ־וואוינער און איך ליב זיי; איך ארבעט פאר זייער וואויל־ווייטאג מיט זייערע ווייטאגן און פריי זיך מיט זייערע פריידן; אבער איך ווייס, אז איך בין א פרעמדער; באהאלטענערהייט טרויער איך נאך די פעלדער פון מיין היים, נאך איר פריי־לינג, נאך דעם גערוך פון אירע בלומען און דעם ריידן פון אירע פרויען... אבער וואו איז מיין היים? — איך וועל זי ניט זען, איך וועל שטארבן אין דער פרעמד. צייטענווייז בענק איך אזוי ליידנשאפטלעך נאך איר״[2]....

[1] זייט 48—49. [2] זייט 56. [3] זייט 56—57.

[1] דארטן־גופא. [2] צוועלפטער בריוו, זייט 70.

ד״ר א. גורלאַנד

# צו די מיטלאַלטערישע האַנטשריפטמאַלערייען.

שוין מיטן ערשטן קוק דערפילט מען דעם חלוק צווישן פארשיידענע מיטלאלטערישע האנטשריפטמאלערייען. מ׳קאן דאס אבער דערקענען אָביעקטיוו אויך לויט געוויסע סימנים.

קודם כל דערקענט מען דאס אין דעם כאראקטער פון דער שריפט.

די צייט און דאס ארט איז שוין אפטמאל ארויסצוזעהן פון דעם טעקסט, פון די געאָגראַפישע און אייגנגעמען, פון היסטאָרישע געשעהענישן, פון לוח־דאַטעס וכדומה, אבער די האנטשריפט גופא איז דער בעסטער באוויז. אויב די שריפט איז אויסגעפירט מיט אַרערפעדער, קומט זי ארויס קרעפטיגער, מאסיווער, איידער מיט א גענזעפעדער. געוויסע פאָרמעס פון אותיות, שולגעוואוינהייטן גייען איבער בירושה פון דור צו דור אין א געוויס אָרט. אין איצטיגן נומער ברייננגען מיר מוסטערן דורכאויס פון פראנצויזיש־דייטשישער שריפט. א קעגן דער קרעפטיגער שפאנישער שריפט (א מוסטער דערפון איז געבראכט אין No. 1 „מילגרוים״ פון דער הגדה אין בריטישן מוזעאום (Add. 14761 איז די פראנצויזיש־דייטשישע שריפט פיינער, צירליכער. דער גערמאניש־פרענקישער כאראקטער פונ׳ם וואָרמסער מחזור, וואס פון אים איז דא געבראכט צוויי בלעטער (ז. 1 און ז. 4), לאזט זיך דערקענען אין דער טעכניק פון דער גענזעפעדער און אין דעם, וואס די אותיות זיינען עטוואס געבויגן אויף לינקס. אין דער אויסגעצויגנקייט פון די ווערטיקאלע שטריכן דארף מען זעהן די ווירקונג פון דער גאָטיק.

נאך אן אנדער סטילסימן, וואס מ׳דארף זוכן אין די בילדער גופא, איז צו זעהן אין די אַרכיטעקטאָנישע עלעמענטן.

אין וואָרמסער מחזור, ווי אויך אין לייפציגער מחזור, וואס פון דאָרט איז גענומען די חתן־כלה־פּאָר (ז׳ 2), געפונען מיר א גאָטישן פּאָרטאַל, אזויווי ער איז באקאנט פון דער פריהערדיגער תקופה: מאַסיווע זיילען (אירושה פון דער ראָמאַנישער קונסט־תקופה) מיט מייסטענס א פארקיילעכטן בויגן. דאס זעהן מיר אפט אין דער בויאַרט אין דעם 13 טן און נאָך אין אנהויב 14 טן יארהונדערט. שפעטער ווערן די זיילן שלאַנק און לאנגגעצויגן, דער בויגן ווערט שפּיציג.

נאך א סטילסימן לאזט זיך דערקענען, ווען מ׳אַנאַליזירט די פיגורן־מאלעריי.

די פיגורן לאזן זיך כאראקטעריזירן דערהויפט פון דער קליידונג. ענג־געפּאסטע קליידער, שמאָלע אַרבל, פעסט פאַר־קנעפּעלט בא דעם האנטגעלענק, שפּיציגע שוך, — געהערן צום סטיל פונ׳ם 13 טן, 14 טן יארהונדערט. אין וואָרמסער און אין לייפציגער מחזור (ז. 1, 2) טראגן נאך די מענער שפּיציגע יידישע היטלען, אזויווי מ׳האט דאס געפאדערט פון יידן אין די דייטשישע לענדער. די האלטונג פונ׳ם קערפּער איז עטוואס אויסגעצויגן, אזויווי מיר זעהען דאס אין דער פאָרם פון די

אותיות. אין דעם איז צו זעהן די צייטמאָדע, דעם גאָטישן סטיל. דערהויפּט וואַרפט זיך אין אויג די כלה (ז. 2) מיט איר מאָדישער קליידונג און געצירטער קערפּערהאַלטונג, אַזוי ווי דאָס איז שוין געווען דער כלל אין 14 טן יאָרהונדערט.

אַסך איז אַרויסצוזעהן פון דער אָרנאַמענטיק. די חַיוֹת־אָרנאַמענטיק, די פלאַנצן־אָרנאַמענטיק און די ליניעס־אָרנאַמענטיק בייטן זיך אויך צוזאַמען מיטן סטיל.

אין דער געשטאַלטונג פון די חיות, וואָסערע מ׳קלייבט צו און מ׳פאַרווענדט פאַר באַזעס (לייבן, עלפאַנטן, קעמעלס, אדער פאַנטאַסטישע בריאות: דראַקאָנעס, איינהאָרנס, וכדומה), פילט מען בא דער יידישער מיניאַטור־מאָלעריי די אָריענטאַלישע ווירקונג. בעת אין די קריסטליכע מיניאַטורן סוף 13 טן און אנהויב 14 טן יאָרהונדערט ווערן שוין חיות זעלטענער פאַרווענדט פאַר זייַלנבאַזעס, איז דער דאָזיגער מאָטיוו זעהר באַליבט אין דער יידישער מיטלאַלטערישער קונסט.

אין דער פלאַנצנאָרנאַמענטיק איז צו זעהן דאָס שפּיציגע גאָטישע דאָרנבלאַט. אַן אייראָפּיאיש געוויקס. דאָס קלייַ־בלאַט, וואָס קומט פיר אין קריסטליכע האַנטשריפטן, טרעפט זיך אין יידישע אויך. מיר זעהן דאָס אין וואָרמסער מחזור (ז. 1) אונטער דעם וואָרט אדון לינקס אין עק, אָבער דאָרט איז דאָס פאַרקייַלעכט, שטימט מיטן סטיל פון׳ם 13 טן יאָרהונדערט. שפּעטער ווערט דאָס קלייַ־בלאַט פאַרשפּיצט אַזוי ווי אַלע אַנדערע זאַכן. ס׳איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז נעבן דעם מאָדישן בלאַט־וואַרג איז נאָך געבליבן דאָס קלאַסישע פּאַלמענשטיק און דער ווערלנמאָטיוו אויף די שטיצן (ז. 4).

די דאָזיגע קלאַסישע מאָטיוון קאָן מען נאָך זעהן אין די געמאָלטע האַנטשריפטן, וואָס דערלאַנגען ביז אין 9 טן יאָרהונדערט. אַזוי האָט זיך דאָ דורכגעזעצט די טראַדיציע מיט אַ שטאַרקער עקשנות. אין די קריסטליכע האַנטשריפטן פון 13 טן און 14 טן יאָרהונדערט פעלן כמעט לחלוטין די העלעניסטישע מאָטיוון. אין די יידישע האַנטשריפטן קאָן מען זיי זעהן נאָך ביז שפּעט אין 15 טן יאָרהונדערט. דאָס געפלאָכטענע באַנדוואַרג (ז. 4, דער קאַפּיטעל רעכטס) געהערט אויך צו דעם גאָר — אַלטן קונסטאוצר; יידן זיינען אים געבליבן געטרייער, איידער אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער.

דער מחזור האָט אויסגעאַרבעט אַ געוויסן בילדערציקל (אַזוי ווי מיר זעהען דאָס אין דער הגדה און אין דער מגילה), און ער חזר׳ט זיך אַלע מאָל איבער מיט געוויסע ענדערונגען.

פאַרגלייכט מען אַשטייגער די סצענע אויף ז. 1 פון אויבן מיט אַנדערע מחזורים (מיט דעם דרעזדענער, מיט דעם אָקספאָרדער, No. 2373, Laud. Or. 321), אַזוי דערקענט מען, אַז דאָ איז פיגעשטעלט מַתַּן תּורה.

אין וואָרמסער מחזור איז יום־כּפּור סימבאַליזירט מיט אַ פיגור, וואָס האַלט אַוואָג (ארמז אויף חודש תשרי). דעם וואָג־מאָטיוו אַלס אילוסטראַציע צו יום־כּפּורדיגע תּפילות געפונען מיר אין פאַרשידענע וואַריאַציעס אין אַנדערע מחזורים אויך. אין דרעזדענער מחזור אַשטייגער ליגן אויף די וואָגשאָלן אַ טייוול און אַנאַקעטע פיגור. צו די מחזורבילדער בא פראַנצויזישע דייטשישע יידן געהערן: מצה־באַקן, תּנאָים, אַסאַך געיעג־סצענעס, המן מיט די זין אויף דער תּליה, מזלות פון די חדשים א. אַז. וו. די מַזָלות זעהען מיר אויך אין דער ניורענבערגער הגדה No. 1, וואָס שטאַמט פון׳ם 15 טן יאָרהונדערט (ז. 3 און 14). ס׳איז גענוג צו פאַרגלייכן, ווי די וואָג איז געמאָלט אין וואָרמסער מחזור און 200 יאָר שפּעטער אין דער ניורענבערגער הגדה. אין דער שפּעטערדיגער צייכנונג איז צו מערקן אַ פיינערע זאַכקענטעניש אין דעם פאָרם פון די וואָגשאָלן, פון די קייַטן א. אַז. וו. אין מחזור איז די צייכנונג נאָך זעהר סכעמאַטיש. פאַר די האַנטשריפטן בא פראַנצויזישע דייטשישע יידן איז מערקווירדיג, ווי דער שטאָף ווערט הומאָריסטיש באַהאַנדעלט. מענשן און חיות קומען דאָרט פאַר אין אַ גראָטעסקער פאָרם. מענשן מיט חיהשע קעפּ א. אַז. וו. דעם דאָזיגן סאַטירישן גייסט איז צו זעהן אין קריסטליכע האַנטשריפטן אויך; דאָס הייסט, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ גרונדשטימונג פון אַ געוויסער תּקופה.

וואָרמסער מחזור האָט נאָך אַ גרויסע מעלה, וואָס ער איז דאַטירט*). דער שרייבער באַמערקט: „איך, שמחה בן יהודה, דער שרייבער, האָב געשריבן דעם דאָזיגן מחזור פאַר מיין פעטער ברוך בן יצחק 44 וואָכן און האָב אויסגעשטעלט אַלצדינג פון אנהויב ביז סוף פינקטלאַך ווי דער נוסח פאָדערט און האָב געענדיגט דעם ספר מיט גאָטס הילף בשנת ה׳ ל״ב (1272)״.

די האַנטשריפט, וואָס פון איר האָבן מיר גענומען דאָס בילד, ווי אהרון צינדט אָן די ליכט (ז. 3), איז אויך אַפּרי־גאָטישע. די האַנטשריפט האָט אַ לוח פון׳ם יאָר ל״ח (1278) און דערמאָנט דעם קדושים־טויט פון ר׳ שמשון אין מעץ דאָס יאָר 1276. געשריבן האָט דאָס בנימין סופר.

די גרויסאַרטיגע אויסגעצייכנט־געמאָלטע אותיות אויף די זייטן 5, 8 שטאַמען אויך פון אַ מחזור. דאָס איז דער דרעזדענער מחזור, און דאָרט געפונען מיר דעם געוויינטלאַכן בילדערציקל. מערקווירדיג זיינען דאָרט די פאַנטאַסטיש־געצירטע אנהויב־ווערטער, קיין אַנדער מחזור קאָן זיך מיט דער דאָזיגער איניציאַלן־מאָלעריי ניט גלייכן. ער איז ניט דאַטירט און שטאַמט זיכער פון מיטן דעם 14 טן יאָרהונדערט. די מזלות פון די חדשים תשרי און חשון (ז. 3 און 14) זיינען פון דער ניורנבערגער הגדה No. 1, וואָס שטאַמט פון יאָר 1492. די האַנטשריפט האָט געשריבן דער סופר יואל בן שמעון, וועלכער האָט געלעבט אין מיטל־דייטשלאַנד.

---

*) דעם מאַטעריאַל וועגן דעם וואָרמסער מחזור האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם לערער ה׳ ש. ראָטשילד אין וואָרמס און ה׳ ע. טעפּליץ.

# Guide to the Mediæval Illuminations.

The examples of the arts of miniature painting, illumination and handwriting reproduced in the present issue of the „MILGROIM" have been taken from Hebrew Manuscripts of the Franco-German rite. They form a distinct group.

Thus the handwriting there is more articulated and more angular than in the Hebrew Manuscripts of Spanish origin. (Some examples of the latter have been reproduced in the "MILGROIM", Number 1) The Gothic taste which spread from France through the whole of Europe during the 13th and the 14th centuries as well as the use of the quill instead of the reed as a writing instrument will account for the change the style of Hebrew penmanship had undergone in the Northern European countries.

The Prayerbook for Festivals preserved in the Rashi Synagogue in Worms is one of the earlier specimens of that kind. There is to be noted first of all the broken, angular character of the lettering and the bending movement of the vertical strokes (fig. on pp. 1 and 4).

Another characteristic pointing to the contemporaneous Gothic influence is to be found in the architectural backgrounds of the miniatures. In the Machsor of Worms and the one of Leipzig (fig. on p. 2) the semi-circular arches of the pre-Gothic or Romanesque period have been partly superseded by the ogee and the trefoil-arch.

The figures, especially in the miniatures representing "Aaron lighting the Candles" (fig. on p. 3) and the "Bridal Pair" (fig. on p. 2), are of the most masterly skill and delicacy. They are slender, with a gentle undulating movement of the body. The bride and the bridegroom are smartly dressed. The narrow boots with pointed toes, the close fitting dresses, the long sleeves tight to the wrist, the hoods and the pointed headdresses or *Judenhüte* are indicative of the fashions of the Age and even of the regulations for Jews in the countries where these Manuscripts originated.

The ornament although enriched with new Gothic accessories includes old features betraying Oriental influences. Lions (fig. on p. 4), elephants with trumpet trunks, camels (fig. on p. 1), unicorns, dragons, grotesque combinations of beasts and men, and contorted monsters have been used as pedestals in the arched doorways which usually frame the text of the Hebrew Manuscripts even as late as the 15th century, whereas in Christian illumination of that time crouching beasts used as bases become rather rare. The new Gothic plantforms such as the thorny leafage and particulary the trefoil-foliage occur in Hebrew Mediæval illumination, but the old familiar devices such as the palmette, the wavy motif with acanthus leafage as shown on the pillars on p. 4 and the interlaced banded ornament (on the right capital, p. 4) also remain in favour. The Jewish illuminator particularly sticks to the ancient tradition and thus the link between Mediæval and antique Hebrew work has never been broken.

The illustrations of the Prayerbook for Festivals form a distinct cycle in the same way as those of the Book for the Passover Service and the Book of Esther. The edge of the miniature representing "The Granting of the Law" (fig. on p. 1) has been cut away and the scene is only recognisable by comparison with a similar picture in a Machsor of the Bodleian Library (No. 2373, Laud. Or. 321). In the miniature on p. 4 the Day of Atonement is symbolically represented by a pair of scales which point also to the month of Tishri, the balance being the zodiacal sign of that month. In the Machsor of Dresden the scales carry a devil and a nude human figure. Among the other pictures of the series belonging to the Machsor may be cited the "Baking of the Mazzoth", the "Betrothal", hunting scenes, the hanged sons of Haman, the zodiacal signs, etc. The zodiacal signs occur also in the Haggadah of Nuremberg No. 1 executed in the 15th century (fig. on pp. 3 and 14). The drawing of the balance there as compared with the one in the Machsor executed 200 years earlier is not as stiff and formal, and betrays a more careful study of nature.

The leading feature of the Mediæval Hebrew Prayerbooks of Franco-German origin is the spirit of raillery. Figures with dog and wolf heads in buffoon attitudes occur in many a Christian devotional book of that epoch. Grotesques of that kind are also to be found on the leaves of the Worms Machsor reproduced in the present issue.

The Worms Machsor*) is the more valuable as it is dated. The note of the Scribe runs as follows: "I, Simcha, son of Judah, the Scribe, have copied this Prayerbook for my uncle Baruch, son of Isaac, during 44 weeks and have arranged everything according to the requirements of the Sacred Service, and have accomplished the work in the year 1272."

The picture "Aaron lighting the Candles" has been taken from an early Mediæval Hebrew Manuscript, containing a calender for the year 1278. Another means of identification is provided there by the date (1276) of the martyrdom of R. Shimshon at Metz to whose memory the Scribe, Benjamin, had devoted a poem.

The exquisitely drawn commencing words (fig. on pp. 5 and 8) belong to an undated Dresden Machsor executed, as it may be assumed, in Western Germany about the middle of the 14th century.

The zodiacal signs for Tishri and Heshvan (fig. on pp. 3 and 14) have been taken from the Nuremberg Haggadah No. 1, bearing the date of 1492. The Manuscript has been copied by Joel, son of Simon, the Scribe, in Central Germany.

---

*) Information on the Machsor of Worms has been kindly supplied by M. S. Rothschild, in Worms, and M. E. Toeplitz.